ספר

# תפארת ישראל

אינד דיזען ספר ווערט ערציילט זייער ווינדערליכע
זאכין פון דעם היילינגען צדיק ר׳ ישראל זצ״ל פון
רוזין. אויך פון זיין זוהן הצדיק ר׳ אברהם יעקב זצ״ל
פון סאדיגער. וועלכים מיר האבין ארויס גינומען
פון היילינגע ספרים. אינד מיר האבן גידרוקט אויף
ושארגאן. כדי יעדער מענטש זאל וויסין דאס
גרויסקייט פון דיזע היילינגע צדיקים זיע״א :

בהוצאות בית מסחר הספרים של אמקרוט עט. פריינד
בפשעמישל

שנת תר לפ״ק

## װוּנדֶערלִיכֶע מַעֲשׂיות פוּן רֶבִּי'ן ר' יִשְׂרָאֵל פוּן רוּזִין זצ"ל .

אִין הֶעךְ צַייט ווען דֶער רוּזִינֶער האָט גיוואָהנט אוּנ דֶער . שטאָט סקאָלאָ אַקלֵיינֶע צַייט אַיידֶער עֶר האָט זִיךְ בֶּעזֶעצט אוּנ סאַדִיגוּרא . האָט עֶר גיפרֶעגט דִיא מֶענטשִין פוּן דֶער שטאָט סקאָלא וואָס זֶענִין פאַר אִים גישטאַנִין אוֹיבּ עֶס אִיז דאָ אוּנ דֶער שטאָט אַ אַלטֶערמאַן וואָס עֶר האָט גִיזֶעהן דעֶם בעש"ט . האָבִּין זַייא אִים גִיעֶנטפֶערט עֶס אִיז דאָ פֶערהאַנדִין אַזקן וואָס עֶר האָט גִיזֶעהן דעֶם בעש"ט . האָט דֶער רבי צוּ זַייא גִיזאָגט אִיךְ וואָלט זַייעֶר גִיוואָלט עֶר זאָל אַהעֶר קִימִין . זעֶנִין דִיא חסידים אִים גִיגאַנגִין רִיפִין עֶר זאָל גֵיין צוּם רבִּין . האָט דֶער זקן נִישט גיוואָלט גֵיין . האָבִּין דִיא שלוּחִים גִיזאָגט דעֶם רבִּין אַז עֶר וויל נִישט גֵיין . אוּנ אַ צווֵייא אָדעֶר דרַייא טאָג אַרוּם האָט דעֶר רבי צוּא זַייא גִיזאָגט אִיךְ וואָלט זַייעֶר גִיוואָלט אַז דעֶר זקן זאָל אַהעֶר קוּמִין . זעֶנִין זַייא נאָךְ אַמאָהל אִים גִיגאַנגִין רוּפִין אוּנ האָבִּין אִים גִיזאָגט אַז דעֶר רבִּי פֶערלאַנגט אִים צוּ זעֶהן דעֶרִיבּעֶר זאָל יֶער זִיךְ מטריח זַיין . האָט עֶר דאָס צווייטעֶ מאָהל אוֹיךְ נִישט גִיוואָלט גֵיין . אוּנ עֶטלִיכעֶ טעֶג אַרִים . האָט דעֶר רבִּי צוּ זַייא נאָךְ אַ מאָהל גִיזאָגט אַז עֶר וויל זַייעֶר דעֶר זקן זאָל צוּ אִים קוּמִין זעֶנִין דִיא חסידים גִיגאַנגִין צוּם זקן אוּנ האָבִּין אִים גִיבּעֶטִין אַז עֶר זאָל גֵיין צוּם רבִּין . אוּנ אַז עֶר וועֶט נִישט וועֶלִין זַיי אִים נעֶמִין אִיבּעֶר דאַנק . אִיז דעֶר זקן מִיט זַייא גִיגאַנגִין צוּם רבִּין . האָט עֶר גִיגעֶבִּין שלום דעֶם רבִּין אוּנ האָט אִים גִיזאָגט . עֶס זאָל אַייךְ נִישט פֶערדרִיסִין , פַאר וואָס אִיךְ האָבּ צוּ אַייךְ נִישט גִיוואָלט קוּמִין ווַייל אִיךְ קעֶן מִיךְ נִישט מקרב זַיין צוּ קֵיין שוּם צדִיק ווַייל אִיךְ האָבּ אַלֵיין גִיזעֶהן מִיט מַיינעֶ אוֹיגִין אַז עֶר האָט לעֶבִּידִיק גִיזאָבט אַ טוֹיטִין ווִיא אַזוֹי קעֶן אִיךְ מִיךְ מקרב זַיין צוּא אַ אַנדעֶרִין צדִיק אַ חוּץ דעֶם בעש"ט . האָט עֶר דעֶרצֵיילט דִיא מעשה אוּנ דעֶם דאָרְךְ וואָס אִיךְ האָבּ גִיוואָהנט אִיז גִיוועֶן אַ מראָטשנִיק בַּייא אַמעֶנטש וואָס האָט געֶהאַט אַ מִיהל אוּנ דאָרף . דעֶר בעה"ב פוּן דעֶר מִיהל אִיז גִיוועֶן אַנגִיד עֶר פלעֶגט צַייטִין ווַייס פאָרִין צוּם בעש"ט . דעֶם מראָטשנִיקס ווַייבּ אִיז זַייעֶר שלאַף גִיוואָרִין . אִיז דעֶר מראָטשנִיק גִיקוּמִין צוּא דעֶם מִיל בעה"ב אוּנ האָט אִים גִיבּעֶטִין עֶר זאָל אִים געֶבִּין דעֶם וואָגִין עֶר זאָל פאָרִין קֵיין מעֶזִיבּוּז צוּם בעש"ט אִיז דעֶר ראַנדאַר פוּן דעֶר מִיל בּעֶשטאַנִין האָט עֶר אִים גִיגעֶבִּין רשות עֶר זאָל נעֶמִין זַיין וואָגִין אוּנ זאָל פאָרִין נאָךְ דעֶם בעש"ט האָט אִים דעֶר מראָטשנִיק גִיבּעֶטִין אַז דעֶר ראַנדאַר זאָל מִיט אִים מִיט פאָהרִין . האָט עֶר צוּא דעֶם אוֹיךְ באַוויִלִיגט . אוּנ זַייא זעֶנִין בַּיידעֶ גִיפאָרִין צוּם בעש"ט אוּנ האָבִּין אִים גִיבּעֶטִין אַז עֶר זאָל מִיט זַייא פאָהרִין צוּ דעֶר שלאַפעֶר הֵיילִין זִיא אִיז דעֶר בעש"ט צוּא זַייא אִיבּעֶר גִיבּעֶטִין גִיוואָרִין צוּ פאָהרִין מִיט זַייא . ווִיא זַייא זעֶנִין גִיקוּמִין אוּנ דאָרְף אַרַיין זעֶנִין אַרוּיס גִיקוּמִין דעֶם מראָטשנִיקס קִינדעֶר אַקעֶגִין אִים אוּנ האָבִּין אִים דעֶרצֵיילט אַז זַיין גאַנצעֶ אַרבּיט אִיז אוּמזִיסט , אַז זַייעֶר מִיטעֶר אִיז גִישטאָרבִּין אוּנ זַייא האָבִּין זִיא גִילֵייגט אוֹיף דעֶר עֶרד . דעֶר בעל שם טוֹב אִיז פוּן דעֶם גאָר נִישט נתפעל גִיוואָרִין , נאָר עֶר אִיז אַרַיין גִיגאַנגִין אוּנ זַיין חדר אַרַיין וואָס מעֶן האָט אִיבּ אָבּגִיזִינדעֶרט האָט עֶר אַרַיין גִירוּפִין דעֶם מאַראָטשנִיק אוּנ האָט אִים געֶהֵייסִין עֶר זאָל גֵיין צוּ זַיין טוֹיט ווַייבּ אוּנ זאָל

אִיךְ

איר איינראמין אונ אויער אריין מיט דיזין לשון . רבקה . (אדער איין אנדערין נאמין) שטייא אויף אונ גייא קאך אפ וועטשערע ווייל מיר האבין אטייערין גאסט . דער רבי ר' ישראל בעש"ט דער מראטשניק האט דאס אלעס מקיים גיוועזן . אונ האט איינגירוימט אונ זיין ווייבס אויער אריין דיא דאזיגע רייד . אבער זיא האט זיך נישט גירירט מיט קיין שום אבר . דער מראטשניק איז צוריק גיקומין צום בעש"ט מיט אגרויס גיוויין אז עס האט גאר נישט גיפועלט . האט אים דער בעש"ט נאך א מאהל גיזאגט אז ער זאל גיין איינרוימין זיין טויט ווייב דיא דאזיגע רייד . האט דער מראטשניק אזוי געטוהן דאס צווייטע מאהל . אונ זיא האט זיך נישט גירוהט פון איר ארט מיט קיין שום אבר . האט אים דער בעש"ט גישיקט דאס דריטע מאהל אז ער זאל איר איינרוימין דיזע רייך . אונ בייא דעם סוף זאל ער איר זאגין טיט דיזען לשון . אויב דיא וועסט נישט אויף שטיין וועל איך דיך שלאגין מיט מיין שטעקין וואס איז אונ מיין האנד עס איז אזוי גיוועזן . ער איז גיגאנגין אונ האט איר איין גירומט אונ אויער דאס דריטע מאהל דיזע זעלביגע ווערטער אונ ער האט אזוי גיקאנטשיט וויא דער בעש"ט האט אים געהייסין . איז אונ איר תיכף אריין אלעבידיגער אטים . האט זיא זיך אויף געהויבין פון איר גילעגיר אונ זיא האט זיך אוים גיווישט אירע אויגין אזוי וויא איינער הייבט זיך אוף פון שלאף אונ זיא איז גיגאנגין אב קאכין וועטשערע . דאס אלעס האב איך גיזעהן מיט מיינע אויגין ההית הנ׳הים ממש . וויא אזוי קען איך מיך מקרב זיין צוא א אנדערין צדיק ? האט דער רזינער גיעפינט זיין היילינ מויל אונ האט גיזאגט צום זקן . איך וועל אייך אויך דערציילין אווינדערליכע מעשה פון מיין זיידין דער גרויסער מגיד פון מעזריטש . איין מענטש איז גיוועזן האט ער געהייסין משה . ער איז גיוועזן א עובד אונ א איש מצליח ער פלעגט פאהרין צו מיין זיידען דער רבי ר' בער ז"ל . אמאהל איז ער גיווארין א יורד . ביז ער איז גיווארין אגרויסער ארימאן רח"ל איז ער גיקומין צו מיין זיידין ער זאל אים דערציילין זיינע אלע צרות האבין אים דיא גבאים נישט גילאזט אריין גיין . ווייל ער איז יעצט גיקומין מיט ליידיגע הענד . ער האט זייא גאר נישט געהאט צו געבין . האט ער גינימין א עצה פון דיא חסידים וואס זייא האבין פון לאנג אים שוין גיקענט . אזוי האבין זייא אים גיזאגט . מארגין וועט זיין אברית מילה . אונ דער דער בעל ברית האט מכבד גיוועזן דעם רב מיט סנדקאות . מסתמא וועט דער רבי זיין אוף דעם ברית מילה . דאמאלס וועט זיין ארעכטע צייט דיא זאלסט אריין גיין אונ בעהאלטין דיך אונ דעם רבינס חדר . אונ דיא וועסט דארט ווארטין ביז ער וועט קומין פון דעם ברית מילה אונ ער וועט אריין גיין אונ זיין חדר אריין דאמאלס וועסטו קענין פאר אים קומין אונ זאלסט אים דערציילין דיין בקשה אונ דעם דוחק . עס איז אזוי גיוועזן צוא מארגינס איז דער רבי ארוים גיגאנגין פון זיין חדר אויף דעם ברית מילה איז ער אריין גיגאנגין אונ רבינס חדר אריין אונ האט זיך בעהאלטין . וויא דער רבי איז צוריק גיקומין אונ זיין חדר אריין . איז דער משה גיקומין פאר דעם רבין אונ האט זייער גיוויינט פאר אים אונ האט אים דערציילט זיין דוחק אונ זיין צער . האט אים דער רבי גיענטפערט ער זאל דינגין אקרעטשמע אונ השי"ת וועט אים אונ דעם העלפין . האט ער גיזאגט מיט וואס וועל איך דינגין § מיט דיא

דיא לייִדיגע הענד. וואס איך האב אפילו
נישט אויף הוצאה פון וועג. בפרט צוא
דינגין אזא געשעפט דארף איך האבין
עטליכע הינדערט רובעל אויף אראטע אונ
צוא קויפין בראנפין. האט אים דער רבי
נאך אמאהל געזאגט, איך ראטהע דיך
צו גוטין אז דיא זאלסט דינגין אקרעטשמע
אונ השי"ת וועט העלפין. האט דער רבי
גינימין א זילבערניא מטבע אונ האט
אים גיגעבין אויף הצלחה. ער האט זיך
מיט דעם רבין אבגיזעגינט אונ דער רבי
האט אים גיבענטשט מיט הצלחה, דער
משה איז ארויס ניגאנגין פון דעם רבין
אונ מארק ארײַן. ער איז גיוועזן פאר
אירט אונ זיין דעה וואס ער זאל טוהן
אונ וויא אהין ער זאל פאהרין. האט ער
זיך גישבארקט אונ זיין אמונה, אונ ער
איז גיגאנגין אויף דעם ארט וויא וועגין
שטייען. האט ער גיזעהן אז א וואגין
שטייט גרייט אוועק צו פארין. האט ער
גיפרעגט דעם בע"ג וויא אהין ער פאהרט
האט אים דער בע"ג געענטפערט איך פאהר
אויף דעם ארט. האט דער משה גיפרעגט
דעם בע"ג אויב ער וועט אים אויפנעמין
אונ דער שטאט ארײַן. האט אים דער
בע"ג מסכים גיוועזן דערויף פאר ווייניג
געלד. איז ער גיפארין, נאר ער האט
אליין נישט גיוויסט נאך וואס ער פאהרט
אהין. נאר ער האט גיגלייבט אונ זיין
רבינ'ס ברכה. אז דארך דעם וועט אים
השי"ת ווייזין דעם רעכטין וועג. אזוי
וויא ער איז גיפארין האט ער גיזעהן פון
וויטינס אז בייא אקרעטשמע שטייען
פיל מענטשין מיט וועגין האט ער גיפרעגט
דעם בע"ג נאך וואס זייא שטייען דארט
האט דער בע"ג געענטפערט. דיא
קרעטשמע איז נישט ריין. עס איז אונ
איר פערהאנדין שדים מיט בייזע רוחות.
עס איז שוין וויפיל יאהר וואס זיא
שטייט שוין ליידיג עס וואהנט דארט
נישט קיין שום מענטש. ווייל עס זענין
שוין אונ איר פיל מענטשין גישאדינט
גיווארין ווען זייא האבין דארט גיוואהנט
דעריבער אנטלויפט יעדער עס וויל זיא
קיינער נישט דינגין. דארט שטעלין זיך
דיא בע"ג אפיען אקליינע צייט. האט
משה גיזאגט איך וויל דינגין דיא
קרעטשמע בייא דעם פריץ. האט זיך
דער בע"ג פון אים אויס גילאכט. אונ
האט אים געהאלטין פאר א משוגענעם
נאך דעם וויא ער האט שוין דערציילט
אז עס דא שוין גישאדינט גיווארין פיל
מענטשין. אויך פארליג וויא עס זעהט
אויס איז ער א ארימאן. וויא זייא זענין
אהין גיקומין. האט דער בע"ג גיזאגט
צוא דיא גוים וואס זענין דארט גישטאנין
מיט אגילעכטער איך האב אייך גיברענגט
א יוד וואס ער וויל דינגין דיא קרעטשמע
האבין דיא גוים גיפרעגט משה'ן
אויב עס איז אמת אזוי וויא דער בע"ג
זאגט אז דיא ווילסט דינגין. האט משה
גיזאגט עס איז אמת איך וויל דינגין דיא
קרעטשמע. האבין זייא אים באלד ארײַן
גיפירט צום פריץ. איז משה ארײַן
גיקומין צום פריץ. ער האט גיקאנט גיט
רעדין פויליש. ווייל ער איז ביז יעצט
גיוועזין א גרויסער סוחר האט אים דער
פריץ זייער ארינטליך אויף גינימען. אונ
האט אים גיפרעגט עס איז אמת אז דיא
ווילסט דינגין דיא קרעטשמע? האט ער
גיענטפערט עס איז אמת, האט דער
פריץ גיזאגט. איך וועל דיר נישט
פערלייקינין אז פיל מענטשין וואס האבין
דא גיוואהנט זענין שוין גישאדינט
גיווארין. דעריבער שטייט זיא ליידיג
אהן א איינוואוינער. האט משה גיזאגט
איך פערזיכער מיך אונ השי"ת אז ער
וועט מיר העלפין אונ מציל זיין מיך
פון אלערלייא היזקות ח"ו. אונ דיר
פריץ גיב איך אראנק פאר וואס דיא
האסט

האָסט דיא זאַך פון מיר נישט פערבאָרגין נאָר איך האָב נישט קיין מורא פאַר קיין שום שלעכץ. זאָג מיר וויפיל דיא ווילסט אַ יאָהר שכירות. דער פּריץ האָט זיך אויף דעם פערוואונדערט. דען ער האָט גיזעהן אז דער יוד איז אַזוי שטאַרק אונ זיין דעה. האָט אים דער פּריץ גיזאָגט. איך וועל זיא דיר פערדינגען פאַר וואָלוויל געלד וויא דיא ווילסט. טאָמער האָסטו יעצט נישט קיין געלד צוא בעצאָהלין אַראַפּ אונ צו קופין בראָנפין. וועל איך דיר דאָס אַלעס לייען. אונ דיא וועסט מיר ביסלעך ווייס בעצאָהלין איבערין יאָהר. האָט אים משה גיזאָגט. איך וואָהן מיט מיין בני בית וויים פון דאַנין, דעריבער בעט איך דיך דיא זאָלסט מיר געבין וועגין צו מיר אַהיים איך זאָל אַהער נעמין מיין בני בית אויך מיינע כלים אַהער ברענגין. איז דער פּריץ אויף דעם אויך בעשטאַנין אונ האָט אים גיגעבין זיינע וועגין. איז דער משה אַהיים גיפאָרין אונ האָט גינומין זיין בני בית מיט דיא כלים אונ האָט זיא אַהער גיברענגט אונ ער האָט זיך באַזעצט אונ דער קרעטשמע. ער האָט דאָרט גיוואָהנט בשלום אָהן אַ שום שלעכט בריעפונג ח"ו. דער פּריץ האָט דערפין זייער הנאה געהאַט. אונ משה האָט מצליח גיוועזן וויא ער האָט זיך גיקערט ער האָט דעם פּריץ בעצאָהלט אַלע זיינע חובות. אונ ער איז אונ דער קרעטשמע רייך גיוואָהרין דער פּריץ האָט אים זייער ליב געהאַט. וויל ער האָט גיזעהן זיין חכמה אונ זיין בעגלייבטקייט קעגין דעם פּריץ אַלע גישעפטין פון דעם פּריץ זענין דאָרך אים גיפירט גיוואָרין דער גיזעצטער פון דעם פּריץ האָט זיך מקנא גיוועזן אונ דעם יוד ער איז אים גיוואָרין אַ כליט שונא וויל ער האָט גיזעהן אז דער פּריץ האָט דעם יוד ליבער פון אים. האָט ער פערבאָרגין דיא שנאה אונ זיין האַרץ אונ האָט עס קיינים נישט ערציילט:

אַמאָהל האָט זיך גיטראָפין אַז דער פּריץ האָט גירופין משה'ן אונ האָט צוא אים גיזאָגט. איך וויל אָפּשטעלין אָקסין אונ מיינע גיראַלניס אַריין צום שטאָפין פיהל אָקסין. ווייל איך האָב דיך גיפינין פאַר אַ בעגלייבטין דעריבער גיב איך דיר סך הכל פיפציג טויזינד רו"כ דיא זאָלסט פאָרין אונ דער שטאָדט אַריין אויף דעם גרויסין יריד וואָס עס וועט זיין אונ דער צווייטע וואָך דיא זאָלסט דאָרט קויפין. אָקסין אונ זייא אַהער ברענגין. מסתמא וועל איך דיר בעצאָהלין שכר טרחא וויא עס געהער צו זיין איך בין מיך סומך אויף דיין מבינות דיא ביסט בייא מיר חשובער פון מיין גיזעצטין. עס איז אַזוי גיוועזן. משה האָט צו גינומין דאָס געלד בייא דעם פּריץ. איז ער אַהיים גיגאַנגין אונ האָט דאָס ערציילט זיין ווייב. אונ אַז ער דאַרף זיך פאַרברייטיג מאַכין צום פאָהרין. האָט אים זיין ווייב אַעצה געהאַטין אונ האָט צו אים גיזאָגט. מיין ווילין איז אַז דיא זאָלסט אויף שבת פאָהרין קיין מעזריטש צום רבין אונ ער זאָל דיך בענטשין. דער נאָך וועסטו פאָהרין אויף דעם יריד קויפין דיא אָקסין האָט ער אַזוי גיטוהן ווייל זייער עצה איז אים גיפעלין. דער גיזעצטער דאָרך דער גרויסער קנאה אונ שנאה וואָס ער האָט זיך מקנא גיוועזן אונ דעם משה'ן. האָט ער אויף אים גיקלערט אַ בייזע מחשבה צו הרגינין אים אונ צו מאַכין פאַרלירין אים. האָט ער גירופין דרייא גוים פון זיין דאָרף אונ האָט זייא גיזאָגט. נון דער משה האָט אים דער פּריץ גיגעבין 50 טויזענד רו"כ ער זאָל פאָרין אויף דעם יריד צו קויפין אָקסין. אונ איך

האָב

האָב איִם זייער פיינט דעריבּער וועל איךְ געבּין צוויי הינדערט רו"כ . אַז איר זאָלט גיין אונ דעם וואַלד אַריין . אונ איר זאָלט דאָרט אויף איִם וואַרטין אַז ער וועט דאָרט דאָרךְ פאָהרין . זאָלט איר אויפשטיין אויף איִם אונ הרגינין איִם אָהן רחמנות . אונ דאָס גאַנצע געלד וואָס ער האָט גינומין בּייא דעם פּריץ זאָלט איר אייךְ נעמין פאַר אַ מתנה . נעמט אייךְ מיט עֶפּין אויף אַ צווייא דרייא טעג מיט כלי משחית . איר זאָלט דאָרט אויף איִם וואַרטין צו הרגינין איִם . האָבּין זייא אַזוי גיטוהן . משה האָט גיהאָרכט זיין קלוג ווייבּ'ס עצה אונ איז גיקומין צוא זיין רבּי'ן מיטוואָךְ אָדער דאָנערשטיג . האָט ער אונ זינין געהאַט אַז ער זאָל זיךְ אָבּפּאַרטיגין בּייא דעם רבּי'ן נאָךְ פאַר שבּת אונ ער זאָל דאָרט זיין איבּער שבּת אונ תיכף מוצש"ק זאָל ער זיךְ פאָרין זיין וועג . וויַיל דער יריד וועט תיכף זיין נאָךְ שבּת . דער רבּי פון מעזריטש האָט גיזעהן בּרוח הקדש אַז משה פאָרט צו איִם האָט ער גירופין זיינע משמשים אונ האָט זייא שטאַרק גיוואָרינט אַז זייא זאָלין דעם משה'ן נישט לאָזין אַריין גיין צוא איִם בּיז זייא וועלין פריער נעמין רשות פון דעם רבּי'ן . דאָרךְ אַפּערבּאָרגינים טעם אַפילו ער וועט זייא זייער בּעטין אונ וועט זייא וועלין געבּין אַשיינע סוממע געלד זאָלין זייא איִם נישט לאָזין אַריין גיין צום רבּי'ן אָהן רשות אויף קיין שום אופן אונ דער וועלט דער משה איז גיקומין צום רבּי'ן האָט ער זיךְ גיאָגט אונ האָט גיוואָלט אַריין גיין צום רבּי'ן תיכף אַזוי וויא ער איז גיקומין . האָבּין איִם די משמשים נישט גילאָזט אַריין גיין . האָט ער זייא גיבּעטין אונ האָט זייא גיוואָלט געבּין אַגרויסע מתנה . האָבּין זייא נישט גיוואָלט נעמין אונ זייא האָבּין איִם ערצייַלט אַז זייא זענין אַזוי גיבּאָטין גיוואָרין . דער רבּי האָט איִם נישט גיגעבּין קיין רשות אַריין צו גיין בּיז שבּת אויךְ נאָךְ שבּת . נישט זונטיג אונ נישט מאָנטיג בּיז דינסטיג . עס האָט איִם נישט גיפעֶלט קיין שום בּעטין . פערשטייט זיךְ אַז ער האָט דער פון געהאַט גרויס ע"נ . דינסטיג האָט מען איִם גיגעבּין רשות אַריין צוא גיין צום רבּין . דער משה האָט די משמשים פער מסרת פאַר דעם רבּין אַז זייא האָבּין איִם נישט גילאָזט אַריין גיין צום רבּין אונ ער האָט נישט קיין צייט ער זאָל זיךְ דאָ אויף האַלטין וויַיל ער וועט פערשפּעטיגין דעם יריד האָט איִם דער רבּי גיטרייסט מיט דיזין לשון . די זאָלסט גאָר נישט קיין מורא האָבּין פאַר דעם די וועסט פון דאַנין פאָהרין אונ דער שטאָט אַריין אָדער אונ דער שטאָט דאָרט וועסטו אויךְ קויפין גיטע אָקסין אַזוי וויא די ווילסט . אונ אין אַגלייַכין מקח עס איז אַזוי גיוועֶן ער איז גיפאָרין אונ דער שטאָט אַריין וואָס דער רבּי האָט איִם גיזאָגט . אונ ער האָט דאָרט גיקויפט אָקסין זייער גיטע . אויף אַ גיטין מקח . אונ ער איז אַהיים גיפאָרין בּשמחה . וויא ער איז אַהיים גיפאָרין איז איִם דער פריץ אַ קעגין גיגאַנגין בּשמחה . וויַיל ער האָט גיזעהן אַז ער האָט גיקויפט גיטע אָקסין אונ גרויסע אויף אַ גלייַכין מקח ער האָט איִם נאָךְ צוריק גיגעבּין אַסאַךְ געלד . אַזוי וויא זייא האָבּין גירעט זענין אָהן גיקומין די דרייא גוים וואָס דער גיזעצטער האָט זייא גישיקט אונ וואַלד זייא זאָלין איִם הרגינין . אונ זייא האָבּין דאָרט אויף איִם גיוואַרט לסוף איז ער דאָרטין נישט דאָרךְ גיגאַנגין אַזוי וויא זייא האָבּין גיקלערט . וויַיל דאָרךְ דעם וואָס דער רבּי האָט איִם אויף געהאַלטין עטליכע טעג דער נאָךְ האָט ער איִם געהייסין פאָהרין אויף אַ אַנדערין וועג

װעגן דעראַיבער איז ער גיפאָהרין דאָרך אַ אַנדערין װעג און עהר איז אַהײם גיקומין בשלום אָהן אַשלעכט באַגעגעניש דיא דרײַא גוים זענין גיקומין האָבין זײא גיזעהן אַז דער משה שטײט. און רעט מיט דעם פריץ מיט אַ גרױס ליבשאַפט. און דער פריץ לױבט דעם יוד אַז ער האָט אים גיקױפט גיטע אָקסין און װאָלװיל. דער ניזעצטער איז דאָרט גישטאַנין און האָט אױס געהערט און גישװיגין האָבין דיא גוים דערצײלט דעם סוד און האָבין צוא אים אַזױ גיזאָגט מיט דיזען לשון. דיא ביסט מחויב צו לובין צו השי"ה אױף דעם װאָס ער האָט דיך מציל גיװעזן פון אינזערע הענד פאַר װאָס דער גיזעצטער האָט דאָך אינז גידינגין און האָט אינז בעצאָהלט שכר טרחא צװײא הינדערט רו"ב מיר זאָלין דיך הרגינין װען דיא װעסט דאָרך גײן דאָרך יענעם װעג. איז דער משה דערפין זײער ערשראָקין גיװאָרין. אױך דער פריץ איז אױך דערשראָקין גיװאָרין דער גיזעצטער האָט דאָס אַלעם נישט גיקענט פערלײקינין. מסתמא האָט מען אים בעצאָהלט זײַן שכר און גאַנצין אַזױ װיא ער האָט גיװאָלט טוהן. מיט דעם איז משה'ן בעראַנטפערט גיװאָרין פאַר װאָס דער רבי האָט אים בײַא זיך אױף געהאַלטין דיזע עטליכע טעג. װײַל מיט דעם האָט ער אים מציל גיװעזן פון טױט און ער האָט גילױבט השי"ת דערױף. דאָס אַלעם האָט דער ריזינער דערצײלט דעם זקן דיא פאָרכטיגע מעשה. זײער זכות זאָל אינז בײַא שטײן ולכל ישראל אמן:



## נאָך אַװינדערליכע מעשה פון רבי ר' ישראל פון רוזין זצ"ל.

און אַשטאָדט איז גיװען אַ מענטש איש מכובד און אַ עושר זײַן נאָמין איז גיװען ר' יוסף אַלע שטאָדט זאַבין זענין גיטהון גיװאָרין דאָרך זײַן עצה. ער איז גיװעזין אַגבאי פון דיא חברה קדושה. אױך איז ער גיװעזין פון דעם ריזינע־ס חסידים. ער פלעגט עטליכע מאָהל און יאָהר פאָהרין צום ריזינער. קײן שום זאַך פלעגט ער נישט טוהן און זײַן מסחר װידער ער האָט גיפרעגט דעם רבין אַ עצה. און דער שטאָדט איז גיװען אַ עושר אַ אַלטער מאַן. ער פלעגט זיך גאָר נישט מישין און שטאָדט גישעפטין. אַ מאָהל האָט ער גירופין דיא חברה קדושה און האָט זײא גיגעבין במתנה אַ פאָהר גיטע זילבערנע לײַכטער. גרױסע און שײנע פאַר דעם האָט ער בײַא זײא גיקױפט פון זײַניט װעגין אַ קבר. דאָס אָרט װאָס ער האָט זיך אױס גיקליבין בײַא זײַן לעבין. דיא לײַכטער זענין גילעגין בײַא ר' יוסף דער גבאי. . דער אַלטער עושר איז אָפ גישטאָרבין. און מען האָט אים בעגראָבין אױף זײַן אָרט װאָס ער האָט זיך גיקױפט בײַא זײַן לעבין. דערנאָך האָבין דיא שטאָדט מענטשין גיזעהן אַז עס איז נײטיג צו מערין אױף דעם בית הקברות. װײַל עס איז שױן נישט גיװען קײן אָרט מען זאָל דאָרט בעגראָבין. האָבין זײא גיבעטין ר' יוסף'ן ער זאָל פאָהרין קײן רוזין, און זאָל בעטין דעם רוזינער ער זאָל מטריח זײַן, צו קומין און זײער שטאָדט אַרײַן ער זאָל מוסיף זײַן אױף דעם בית הקברות װײַל עס איז זײער נײטיג. פאַר זײַן

טרחא וועלין זייא איהם געבין דיא לייכטיר במתנה דער ר' יוסף איז גיפארין קיין ריזין אונ האט גיבעטין דעם רבי'ן אז ער זאל צו זייא קומין מוסיף זיין אויף דעם ביה"ק, אונ פאר דעם וועט מען איהם געבין במתנה דיא לייכטער וואס זענין ווערט מעהר פון הינדערט רו"כ האט דער רבי מיט איהם נישט גיוואלט פאהרין תיכף. נאר ער האט איהם גיענטפערט אז ער וועט פאהרין אונ אשטאדט אריין וואס איז נאהנט נעבין זייער שטאדט וועט ער צו זייא קומין מוסיף זיין אויף דעם ביה"ק איז דער ר' יאשיא אהיים גיפאהרין אונ עטליכע הדיטים ארים האבין דיא שטאדט בעלי בתים אנגעהויבין צו בעטין דעם ר' יאשיא ער זאל פאהרין בעטין דיי"ם ריזינער ער זאל צו זייא פאהרין מוסיף זיין אויף דעם בית הקברות איז ר"י גיפאהרין קיין ריזין אונ האט זייער גיבעטין דעם רבין ער זאל מיט איהם פאהרין מוסיף זיין אויף דעם ביה"ק האט איהם דער רבי גיענטפערט, זייא זאלין זיין פערזיכערט אז כל זמן ער וועט נישט קומין אונ זייער שטאדט וועלין זייא נישט דארפין מעהרין, דהיינו, עס וועט קיינער פון שטאדט נישט שטארבין, איז ר' יאשיא אהיים גיפאהרין אונ דאט זייא דערציילט דיא זאך דעם רבין'ס תשובה עס איז אזוי פערבייא גיגאנגין אגאנץ יאהר וואס דער רבי איז צו זייא נישט גיקומין אונ עס איז קיין שום מענטש פון זייא נישט גישטארבין וויא עס איז פערבייא גיגאנגין א יאהר דאט זיך גיטראפין אז ר' מאטילי ז"ל פון דער שטאט טשערנאביל איז אהין גיקומין אונ ער דאט דארט גינעכטיגט. דער ר' יוסף איז דאמאלס נישט גיוועזן אונ דערהיים, זענין דיא שטאדט בעלי בתים גיקומין צום רבין ר' מאטילי אונ האבין איהם גיבעטין אז ער זאל מוסיף זיין אויף זייער בית הקברות ווייל עס איז זייער נייטיג אונ פאר שכר טרחא וועלין זייא איהם געבין דעם לייכטער. איז דער רבי דערויף בעשטאנין אז מארגין אונ דער פריא זאל ער זייא טוהן זייער באגער אונ אלע מענטשין זאלין זיין גרייט דער צוא. ר' יאשיא איז דער ווייל בייא נאכט אהיים גיקומין האט איהם זיין ווייב דערציילט אז דיא שטאט האבין גיבעטין דעם רבין ער זאל מעהרין אויף דעם בית הקברות אונ ער איז דערויף בעשטאנין אין דיא זאך איז איהם גיפעלין ער זאל פונג זיין אונ דעם ריזינער'ס כבוד, וויא ער איז טאג גיווארין זענין דיא שטאט לייט גיקומין צוא ר' יאשיא ער זאל זייא געבין דיא פאהר זילבערנע לייכטער וואס זייא ליגין בייא איהם. מען זאל זייא געבין דעם רבי'ן ר' מאטילי. האט ר' יאשיא זייא נישט גיוואלט הערבין אונ האט נישט גיוואלט ארויס געבין. ווייל ער האט שוין לאנג צו גיזאגט זייא צו געבין דעם ריזינער. אונ זייא האבין דערויף אויך אלע מסכים גיוועזן דעריבער קען ער נישט ענדערין זיין ווארט זענין דיא שטאדט בעלי בתים גיקומין צוא ר' מאטיליין אונ האבין איהם דערציילט אז ר' יאשיא וויל איהם נישט געבין דיא לייכטער. האט דער רבי ר' מאטילי גישיקט רופין ר' יאשיא'ן צוא זיך איז ער צו איהם גיקומין אונ האט איהם גיזאגט פאר וואס ער וויל זיי איהם נישט געבין. האט ר' יאשיא גיענטפערט. ווייל ער האט שוין צו גיזאגט בהסכמת כל העיר פון דעם ריזינער'ס וועגין, האט איהם ר"מ גיזאגט צווייא אדער דרייא מאהל אז ער זאל זייא געבין דיא לייכטער. אונ ער האט נישט גיוואלט. ביז ר' מאטילי איז בייז גיווארין אויף ר' יאשיא אונ האט גיזאגט מיט בעס הער אוים יאשיא. אז דיא וועסט

וועסט מיר נישט געבין דיא זילבערניא לייכטער. וועסטו נישט אוים לעבין דאָס יאָהר. האָט אים ר׳ יאַשיא גיענטפערט לאָז זיין וואָס עס וועט זיין. איך קען זייא קיינים נישט געבין. ווייל זייא זענין פון ריזינערס. דער רבי ר׳ מאָטילי טשערנאָבילער איז אַוועק ניפאָהרין פון שטאָט מיט גרויס כעס. און האָט נישט מוסיף גיוועזן אויף דעם ביה״ק. דער ר׳ יאַשיא האָט זיך זייער גיפאָרכטין פאַר ר׳ מאָטעלים קללה איז ער תיכף גיפאָרין צום ריזינער און האָט אים דערציילט דיא גאַנצע געשיכטע. האָט אים דער ריזינער גיטרייסט ער זאָל נישט קיין מורא האָבין עס וועט אים גאָר נישט טרעפין קיין שום על גבין ח״ו. נאָר ער האָט אים ניוואָהרינט אַז ער זאָל זיך נישט ווייזין פאַר דעם רבי׳ן ר״מ ער זאָל אים נישט אָנקוקין. דאַמאָלס וועט ער זיכער זיין מיט זיין לעבין. עס איז אַזוי גיוועזן. ר׳ יאַשיא האָט זיך געהיטין ער זאָל נישט גיווייזין ווערין פאַר ר״מ. און אַז עס האָט זיך גיטראָפין אַז דער רבי ר״מ איז גיקומין און זיין שטאָדט אַריין. אָדער און אַשטאָדט וואָס איז נעבין זיין שטאָדט איז ער צו אים נישט גיגאַנגין. ווייא עס איז גיקומין צוא דער חתונה וואָס דער ריזינער האָט חתונה. גימאַכט זיין זוהן ר׳ מלעויא מיט ר׳ מאָטילע טשערנאָבילער איז ר׳ יאַשיא אויך גיפאָרין אויף דער חתונה נאָר ער האָט זיך גיהיטין ער זאָל נישט זיין בייא דעם טיש בשעת ר״מ איז דאָרט גיזעסין. דעם לעצטין טאָג פון שבעת ימי המשתה איז יאַשיא אויך גיגאַנגין צום טיש. ווייל ער האָט זייער ע״נ גערעדט פון דעם וואָס ער איז נישט גיוועזן בייא דעם טיש דיא אַלע טעג. האָט ער זיך גישטעלט אינטער. זיין רבין דער ריזינער כדי ר״מ זאָל אים נישט אָנקוקין דער ריזינער האָט כסדר גיוועזן

זיין מחותן דעם רבין ר״מ ער זאָל דעם עולם טיילין ווייַן האָט דער רבי גיטיילט ווייַן צו דעם עולם וואָס זענין גיזעסין קייגין אים בייא דעם טיש. ווייא ער האָט גיקאָנטשיט צו טיילין ווייַן צום עולם וואָס זענין גיזעסין קייגין אים. האָט ער אָנגעהויבין צוא טיילין ווייַן צוא דיא וואָס זענין גישטאַנין אינטער אים. ווייא ער האָט זיך איבער גידרייט אינטער זיך האָט ער גיזעהן אַ יאַשיא שטייט אינטער די שטוהל. איז ר׳ מאָטילי זייער נתפעל גיוואָרין און האָט גיזאָגט דאַכט זיך מיר אַז דאָס איז יאַשיא. האָט ער אים גיט אָהן גיקוקט און האָט גיזאָגט צו זיך. דאָס איז נישט יאַשיא. האָט זיך ר׳ מאָטילי איבער גידרייט און האָט גיקוקט דאָס צווייטע מאָהל און האָט גיזאָגט דאַכט זיך מיר אַז דאָס איז יאַשיא. דער נאָך האָט ער גיזאָגט דאָס איז נישט יאַשיא. און ער האָט זיך צוריק אוום גידרייט צום טיש. האָט זיך ר׳ מאָטילי איבער גידרייט דאָס דריטע מאָהל ער זאָל אים אָנקוקין דאָס דריטע מאָהל. האָט אים דער ריזינער תיכף אָהן גיהאַפט בייא זיין האַנד און האָט אים גיזאָגט איך בעט אייך מיין פעטער און מיין מחותן לאָזט מיר אים אָפּ. פאַרשטערט מיר נישט מיין שמחה. האָט זיך ר׳ מאָטילי שוין מעדר נישט איבער גידרייט אָנצוקוקין אים. האָבין זייא אָפּ גיבענטשט. יאַשיא איז אַריין גיגאַנגין צום ריזינער אָבגיזעגינין זיך ער זאָל אַהיים פאָהרין האָט אים דער ריזינער גישטראָפט פאַר וואָס ער האָט נישט געהיטין זיין וואָרינונג ער זאָל נישט גיזעהן ווערין פאַר ר״מ. זאָלסט וויסין אַז דיא ביסט יעצט גיוועזין און אַגרויסע סכנה. נאָר איך האָב אויף דיר רחמנות גיהאַט. און האָב אַריין גיגעבין אַ אַנדערע נשמה און דיין גוף אַריין דעריבער. האָט דער רבי

רבּי ר"מ דיךְ נישט דערקענט. נאָר וויא איךְ האָבּ גיזעהן אַז ר"מ קוקט דיךְ עטליכע מאָהל אָהן. האָבּ איךְ פאַר דיר מורא געהאַט. נאָכדעם. האָבּ איךְ גימיינט אָהן נעמין אים בּייא זיין האַנד. און זאָל אים בּעטין ער זאָל דיךְ אָפּלאָזין. דיא האָסט חלילה גיקענט שטאַרבּין ווען נישט יואָס. איךְ האָבּ אויף דיר רחמנות געהאַט און האָבּ דיךְ מציל גיוועןְ :

## אטייל ערצייילין ייייי.

אַז אַזוי וויא דער רבּי האָט גישאָלטין דעם יאַשיא. איז ער תיכף גיפאָרין צום ריזינער. האָט אים דער ריזינער גיענטפערט אַז זיין תקנה איז אַז דאָס דאָזיגע יאָהר. זאָל ער אויף נעמין דיא אורחים וואָס וועלין צוא אים קומין מיט עסין און טרינקין און נעכטיגין. ער זאָל מהדר זיין אַז ער זאָל נישט לאָזין קיין שום אורח וואָס וועט קומין און שטאָט אַריין ער זאָל גיין און אַ אַנדערע סטאַנציע אַריין נאָר בּייא אים דוקא. דאָרך דער תקנה וועט ער ניצול ווערין פון דעם רבּין ר"ט קללה. יאַשיא דאָט גיזעהן און פערשטאַנין אַז בּייא זיין רבּין דער ריזינער איז אויךְ האַרבּ היא קללה. דעריבּער האָט ער געהיטין זיין רבּין'ס בּעפעהל ער האָט נישט גילאָזט קיין שום אורח וואָס איז גיקומין און שטאָדט אַריין ער זאָל גיין און אַ אַנדערע סטאַנציע נאָר בּייא אים. דאָט זיךְ אים גיטראָפין אַז דיזעס יאָהר האָט בּייא אים גינעכטיגט אַ אורח. איז ער בּייא אים שלאַף גיוואָרין און איז גישטאָרבּין האָט מען אים און דער שטאָרבּין בּעגראָבין. און השי"ת האָט אים געהאָלפין אַז עס האָט זיךְ אים ה"ו נישט גיטראָפין קיין שום שלעכץ. און דער נאָךְ האָט ער אויךְ גילעבּט. ר"מ חסידים פון דער שטאָט האָבּין אים דער ציילט. אַז יאַשיא איז גיזונד ער לעבּט נאָךְ. און זיין קללה דאָט אים גאָר נישט גישאַדט האָט זיךְ ר' מאָטילי דעריוף זייער פערוואונדערט. ער האָט זייא כמעט נישט גיגלייבּט. האָט ער זייא וועגין דעם גיט אויס גיפאָרשט האָבּין זייא אים דער ציילט וואָס עס האָט זיךְ גיטראָפין בּייא יאַשיא־ן אַז איין אורח וואָס האָט בּייא אים גינעכטיגט איז שלאַף גיוואָרין און איז דאָרט גישטאָרבּין. און יאַשיא איז גיזונד און שטאַרק. וויא ר"מ האָט פון זייא גיהערט דיא מעשה. האָט ער צוא זייא גיזאָגט. אַזאַ פליאה קען נאָר דער ריזינער ער האָט צו גישיקט זיין בּן גילו [וואָס ער איז מיט אים גיבּוירין גיוואָרין און איין מזל] וואָס ער איז פון אים גיוועןְ וויַיט אַ ערךְ פון צוויא הינדערט מייל. און ער איז בּייא אים גישטאָרבּין דעריבּער האָבּ איךְ אייךְ נישט גיגלייבּט אַז ער לעבּט נאָךְ. ווייל איךְ האָבּ גיזעהן אַז ער איז גישטאָרבּין. און דער רוזינער האָט דאָס פאַרקערט. אַז דער בּן גילו וואָס ער האָט בּעדאַרפט שטאַרבּין אויף אַ אַנדער אָרט. האָט ער אים אַהער גיבּרענגט און ער איז גישטאָרבּין בּייא יאַשיא און שטיבּ. האָבּ איךְ גימיינט אַז יאַשיא איז גישטאָרבּין און דאָרךְ דער פּעולה פון דעם ריזינער איז זיין בּן גילו פערבּיטין גיוואָרען אויף אים. זייער זכות זאָל אינז בּייא שטיין ולכל ישראל אמן :

## נאך אווינדערליכע מעשה פון רבי'ן ר' ישראל פון רוזין זצ"ל .



דיא חסידים זענין גיזעסין בייא נאנד אונ האבין דערציילט דיא מעשה האט זיך איינער אהן גירופין איך בין דער ראזינגער וואס איז בייא מיר גישעהן דיא מעשה אזוי איז עס גיוועזין איינער פון יוסיא א איש מכובד אונ א למדן איז גיוועזין אונ רוזין בייא דעם רבי'ן, אונ דיא חסידים זענין דאמאלס גיוועזין בייא דעם רבינ'ס זוהן ר' שלום יוסף זייא האבין זיך גיפרייט אונ גיטאנצט וויל עס איז דאמאלס גיוועזין יו"ט , אונ דער איש מכובד האט זיך גאר נישט גיפרייט האט אים דער רבי ר' שלום יוסף גיפרעגט פאר וואס זיצטטו טרויעריג עס איז דאך היינט יו"ט ? האט ער אים גיענטפערט וויא אזוי קען איך זיין פרייליך ? קיין קינדער האב איך נישט מיין וייב איז שוין אונ דיא יאהרין . דועל איך ח"ו שטארבין אהן קינדער . אונ עס איז שוין כמעט אחר יאוש . האט האט אים ר' שלום יוסף גיענטפערט . עס איז דאך וויסינגלעך אז אלע טאג פאהרט מיין פאטער מיט איינים פון אינזר ברידער אויף דעם פעלד. אונ מארגין אי"ה איז מיין גורל מיט אים צו פאהרין . גיב איך דיר א עצה . דיא זאלסט אינז אויך נאך פאהרין אונ דעם וואלד אריין נאר זא גיווארינט אז מיין פאטער נ"י זאל דיך נישט זעהן וויל ער איז אויף דעם מקפיד . אז דיא וועסט קומין אונ דעם וואלד אריין , זאלסטו שטיין אויף א בעהאלטין ארט מיין פאטער זאל דיך נישט זעהן . אונ זאלסט אויף מיר אבטינג געבין אז איך וועל אויס דרייען מיין פנים צו דיר זאלסטו קומין פאר אינז , אונ זאלסט דערציילין דיין בקשה פאר מיין פאטער . עס איז אזוי גיוועזין צו מארגינס איז דער מענטש גיפארין נאך זייא אונ האט זיך נישט גיוויזין פאר דעם רבינ'ס פנים . אויך אז ער איז גיקומין אונ וואלד אריין וויא זייא זענין גישטאנין האט ער זיך בעהאלטין צווישין דיא ביימער כדי דער רבי זאל אים נישט זעהן . האט דער מענטש גיהערט פון זיין בעהעלטיניש . אז דער רבי האט גיזאגט צו זיין זון ר' שלום יוסף מיט דיזין לשון . איך בין א חידוש אויף דער וועלט . איך זאל וועלין וואלט דער בוים איבער גיגאנגין פון דאנין אויף א אנדער ארט . איך זאל וועלין וואלט דער בארג איבער גיגאנגין פון דאנין אויף א אנדער ארט . איך זאל וועלין וואלטין אלע עקרו'ת נפקד גיווארין אפילו דיא נשים וואס האבין שוין נישט קיין סדר נשים , אונ תיכף וויא ער האט דיא זאך גיזאגט האט ר' שלום יוסף אוים גידרייט זיין קאפ צוא דעם מענטש . וואס ער איז גיוועזין בעהאלטין צווישין די ביימער . איז דער מענטש תיכף גיקומין אונ האט זיך גישטעלט פאר דעם רבי'ן . האט אים דער ריזינער גיפרעגט וואס ער וויל האט דער מענטש זייער אנגעהויבין צו וויינין אונ האט גיזאגט איר ווייסט דאך מיין באגער קיין קינדער האב איך נישט אונ מיין וייב האט שוין נישט קיין סדר נשים האט אים דער רבי גיענטפערט הש"י זאל דיר העלפין די זאלסט בעפוילין ווערין מיט לעבידיגע קינדער דאס יאהר . אונ אז עס וועט דיר גיבוירין ווערין א קינד זאלסטו מיך קומין פרעגין וואס פאר א נאמין זאלסט עס געבין . עס איז אזוי גיוועזין . ער איז אהיים גיפארין

אונ

און זײַן ווײַב איז גיקומען אויף דער צײַט און איז טראָגין גיוואָרין. פערשטייט זיך אַז דיא גאַנצע שטאָדט האָבין דער פון זייער הנאה געהאַט. ווײַל ער איז גיוועזן אַ איש מכובד און שטאָדט און אין דער צײַט איז דער ריזינער גינומין גיוואָרין און תפיסה אַרײַן קיין קיעב. האָט זיך דער מענטש גיזאָרגט. ווײַל עס איז נישט מעגליך גיוועזן ער זאָל קומין פרעגין דעם רבי'ן אַזוי וויא ער האָט אים געבאָטין. נאָר ער האָט קיינים נישט דער ציילט זײַנע דאַגות. עס זענין גיוואָרין דערפילט דיא טעג פון איר טראָגין. האָט זיא גיווינ:ין אַבן זכר, דיא גאַנצע שטאָט בעטשין זענין גיוועזן פרײַליך. נאָר ער איז גיוועזן טרויעריג. האָבין זייא זיך אַלע דערויף פערווינדערט און האָבין אים דערויף גיפרעגט און ער האָט זייא גאָר נישט גיענטפערט. פרײַטיג צו נאַכט זענין דיא שטאָט לײַט צוא אים גיקומין אויף דעם שלום זכר וויא דער מנהג איז. האָט זיך דער גאַנצער עולם גיפרייט און ער נישט. ער האָט זייא גיגעבין משקה וויא פיל זייא האָבין גיוואָלט. האָבין זייא אים גיפרעגט נאָך וואָס ער פרייט זיך נישט מיט דעם וואָס השי"ת האָט אים געהאָלפין. האָט ער זייא נישט גיוואָלט דערציילין זײַנע דאַגות דען וואָס וועלין זייא אים העלפין. פון פיל עג"נ איז ער אַנטשלאָפין גיוואָרין און איז אַ ביסיל גישלאָפין אויף זײַן טיש האָט זיך אים גידאַכט און חלום אַז ער איז גיקומין פרעגין דעם רבי'ן וואָס פאַר אַ נאָמין ער זאָל געבין האָט אים דער רבי גיענטפערט אַז ער זאָל רופין זײַן גיבורינים זוהן אַלטער. נאָר דאָס איז דאָך וויסיגליך אַז אַלטר איז נישט קיין נאָמין. דעריבער זאָלסטו אים רופין שטילער הײַט ישראל. האָט ער זיך אויף גיחאַפט פון זײַן שלאָף און ער האָט גידענקט דעם גאַנצין חלום. פון דער צײַט אָהן האָט ער זיך זייער גיפרייט. וויא עס איז גיקומין צום ברית. אַז דער וואָס האָט גימאַכט דיא ברכת המילה האָט גיגרייכט צו דיא ווערטער „ויקרא שמו בישראל" האָט דיזר פאָטער גיזאָגט. „אַלטר". און שטילער הײַט האָט ער גיזאָגט. ישראל. האָט אויף אים יעדער גישריגין. אַלטער איז דאָך נישט קיין נאָמין. האָט זייא דער פאָטער גיענטפערט וואָס גייט דאָס אײַך אָהן. איך וויל אַזוי האָט מען דאָס קינד צוריק גיגעבין דער מוטטער און מען האָט איר גיזאָגט אַז דאָס קינד הייסט אַלטר. פאַר איר איז דיא זאַך אַזוי רעכט גיוועזן. און אַזוי האָט מען אים שטענדיג גירופין אַלטר. ווײַל זייא האָבין נישט גיוויכט קיין אַנדערין נאָמין. און אַצײַט אַרים אַז דער רבי איז אַרויס פרײַא פון דער תפיסה איז דער מענטש גיפאָרין צום רבי'ן מיט אַקוויטיל. און אין דעם קוויטיל איז גישטאַנין אײַנגישריבין זײַן זוהנס נאָמין אַלטר. אַזוי וויא מען פלעגט אים צו רופין ווײַל ער האָט פאַר געסין דעם נאָמין ישראל וואָס ער האָט אים גירופין שטילער הייט. וויא דער רבי האָט גילייענט דאָס קוויטיל האָט ער גיזאָגט צוא דעם מענטש דײַן זוהן הייסט דאָך ישראל? איך בין דער אַלטער. און בײַא מיר איז נישעהן דיא דאָזיגע זאַך. זײַן זכות זאָלין אינז בײַא שטיין ולכל ישר: אָמן :

## נאָך אַוואונדערליכע מעשׂה פון רבי׳ ר׳ ישׂראל פון ריזין זצ״ל



אין דער שטאָט גלינא לעבין לעמבעריג האָט געוואוהנט אַגרויסער גביר האָט געהייסין ר׳ מאיר אַלע האַנדלין פון דער שטאָט זענין געווען און זיין רשות ער האָט געהאַלטין דיא טאַקסע און פּראָפּינאַציע און נאָך זאַכין. דאָס רוב מענטשין פון שטאָט האָבין זיך מפרנס געווען און זיינע האַנדלין עס האָט אים יעדער ליב געהאַט. ווייל ער איז געווען אַ מושלם בכל המעלות, תורה און צדקה און גמילות חסדים. האָט ער געהאַט איין בעגלייבטין מאַן. וואָס דאָרך אים האָבין זיך געפירט אַלע האַנדלין ווייל ער האָט שוין געוויסט אַז ער איז גאָר אַבעגלייבטער מאַן, און אַ ירא שמים. האָט ער נאָך אים גאָר נישט נאָך געפאָרשט, ווייל ער האָט אים שוין פיעל מאָהל געפּריבט און האָט עס געפינין אַבעגלייבטער ער האָט געהייסין ר׳ חיים, דער ר׳ מאיר האָט געהאַט איין איינציגין זוהן, ווי דער זוהן איז גרויס געוואָרין. האָט אים זיין פאָטער ר׳ מאיר גיגעבין אַ חלק און זיינע האַנדלין, ער זאָל זיך מפרנס זיין בכבוד פון זיין יגיע כפּו. דער זוהן האָט געהייסין ר׳ משה, האָט זיך דער משה אָנגעהויבין אַרים צו קוקין און דיא האַנדלין. האָט ער געזעהן אַז ר׳ חיים דער נאמן ער איז דער בעה״ב און אַלע האַנדלין און מען קוקט אים גאָר נישט נאָך, און וואָס ער טוט איז פערפאַלין און פרעגט גאָר נישט זיין פאָטער׳ס עצה צו ער זאָל טוען צו נישט. ער פאַרביב זיך גלייך וויא אַמענטש און זיינעם. איז ער זייער בייז געוועזן פאַר וואָס מען גלייבט אים אַזוי פיעל. האָט ער דאָס פאַר געהאַלטין דעם פאָטער האָט ער אים גאָר נישט געהאָרכט. ווייל זיין פאָטער האָט געזאָגט אַז ער האָט פיעל מאָהל שוין אים געפּריבט און ער האָט געזעהן, אַז ער טוט אַלעס באמונה, און ער איז בייא מיר און דער חזקה פאַר אַגרויסין בעגלייבטין. אַז עס איז כמעט נישט דאָ אַזעלכער וויא ער איז דעריבער דאַרף איך נישט נאָך פאָרשטין נאָך עס, פלעגט דער בחור משה צו זאָגין ר׳ חיים׳ן אַ דעה און זיינע געשעפטין. פלעגט אים ר׳ חיים נישט צו האָרכין גאָר ער האָט געטיען וויא זיין ווילין איז און וויא זיין פערשטאַנד, דיא זאַך האָט דעם משה׳ן זייער גיגרימט. ווייל ער האָט געזעהן אַז דער נאמן ר׳ חיים האָרכט אים נישט. און זיין פאָטער פאַר ווערט אים גאָר נישט און ער טוט אַלעס וואָס ער וויל וויא אַמענטש און זיינעם. האָט זיך דער משה מיישב געווען און האָט אויס געשניטין אַ בלאַט פון דעם בוך וואָס ר׳ חיים פלעגט דאָרט אויף צו שרייבין דיא הכנסות מיט דיא הוצאות האָט ער אויס געשניטין אַבלאַט פון דעם חשבון פון דיא הוצאות און מען האָט נישט דער קענט דעם שניט. ער האָט דאָס געטאָן בסוד עס זאָל עס קיינער נישט וויסן ...ער שטייגער פון ר׳ חיים׳ן איז געווען ...ם האָט אַלעס פערצייכנט און דעם בוך. און עס איז געוועזן איין טאָג און דעם יאָהר פלעגט ער ווייזין ר׳ מאיר׳ן דעם חשבון פון אַגאַנץ יאָהר אַלע פריחאָדין מיט דיא ראַסחאָדין וויא עס איז געקומין אַ פּאָר טאָג פאַר דעם אויס געוועצטין טאָג וואָס ער האָט געדאַרפט געבין דעם חשבון. האָט ר׳ חיים אָנגעהויבין צו מאַכין איין חשבון הכולל, און ער האָט גיט אַכטינג גינעבין און דעם בוך. האָט ער געזעהן

אַז

איז עס פעהלט פיעל געלד ווייל פיל הוצאות איז געשטאנען אויף געשריבען אויף דעם אויס געשניטענען בלאט אונ ער האט דער פון נישט געוויסט. אונ פארליג דעם חשבון וואס ער האט. דארף זיין אונ קאססא פיל מיין געלד וויא ער האט יעצט. אונ ער האט געוויסט אז ער האט נישט פארהוילען קיין איין פרוטה אונ יעצט קען ער נישט ווייזען דעם חשבון. האט ר' חיים פון דעם געהאט גרויסע יסורים אונ פיעל עגמת נפש. הכלל פון דעם גרויסען הארץ ווייטיג אונ דעם ביוש, איז ר' חיים שלאף געווארען אונ איז געשטארבען ר"ל. האט דער משה איבער גענומען· דיא אלע האנדלען פון זיין פאטער ר' מאיר אונ זיין רשות אריין. האט דער טויטער ר' חיים אנגעהויבען צו קומען אונ חלום צו משה'ן ער זאל זיך מיט עם גיין לאדען פאר דעם ב"ד של מעלה. ווייל דארך עם איז ער געשטארבען. ווארין ער האט נאך געקענט לעבען. נאר דער משה האט גורם געוועזן ער זאל שטארבען. אונ ער איז גאר נישט שולדיג געוועזן. פריער האט ער זיך נישט גענומען צום הארץ. ווייל ער האט געקלערט אז א חלום איז ליגענט. נאר נאך דעם וויא עס האט זיך איהם נחלומות עטליכע מאהל. האט ער אנגעהויבען מורא צו האבען אונ צו שרעקען זיך. איז זיין פאטער ר' מאיר געפארען מיט זיין זוהן משה צו ר' מאיר'ל פרעמישלאנער. ווייל ער פלעגט צו איהם שטענדיג פארין. אונ זייא האבען איהם נישט דערציילט דעם סוד. דיא סבה פון דער קרענק. האט איהם ר' מאיר'ל געבענטשט וויא זיין מנהג איז געוועזן אונ ער איז אהיים געפארען. נאר דער משה איז אלע טאג געווארען מאגערער אונ שוואכער. וואס דער טויטער איז צו איהם אלע מאהל געקומען. אונ ער הייט געוויכט אונ זיך וואס ער האט געטיען אקייגען דעם טויטען דער נאמן איבער דעם זענען זייא נאך אמאהל געפארען צו ר' מאיר'ל פרעמישלאנער. אונ זייא האבען איהם נאך נישט דערציילט דעם סוד פון דער זאך. האט איהם דער רבי נאך אמאהל געבענטשט ער זאל געזונד ווערען. זענען זייא ווידער אהיים געפארען. אונ דער משה איז נאך נישט געהאלפען געווארען. נאר ער איז געווארען אלע מאהל שלאפער. ביז זיי זענען דאס דריטע מאהל געפארען צום רבי'ן דאמאלס האבען זייא איהם דערציילט דעם סוד פון דעם ענין. אונ זייא האבען איהם דערציילט דיא חלומות. אונ וואס ער האט בערויבט דעם נאמן ר' חיים ז"ל. וויא דער רבי האט אויס געהערט דאס גאנצע ענין. האט ער זייא געענטפערט מיט דעם לשון. איך קען אייך גאר נישט העלפען וועגען דער זאך· נאר מיין עצה איז איהר זאלט פארען צום ריזינער רבי'ן טאמער וועט ער אייך קענען העלפען. אונ זאל אייך איין עצה געבען וואס איהר זאלט טיען. עס איז אזוי געוועזן. זייא זענען תיכף געפארען קיין סאדיגורא צום ריזינער אונ האבען איהם דערציילט דאס גאנצע ענין אונ דעם ענין וואס דארך דעם איז ער שלאף אויך אללעם וואס ר' מאיר פרעמישלאנער האט זייא געענטפערט ער האט זייא גהייסען פארין קיין סאדיגורא צום רבי'ן טאמער וועט ער זייא קענען העלפען. זייא האבען איהם גאר נישט פאר לייקענט. האט זייא דער ריזינער געענטפערט מיט דיזען לשון. ר' מאיר האט אייך געזאגט טאמער וועל איך אייך קענען העלפען. איך זאג אז אי"ה וועל איך אייך בוודאי העלפען. איך האב איין עצה אויף דעם. דהיינו. איך וועל אויף ברענגען דיא נשמה פון ר' חיים אונ איין העבערין שלם וויא ער איז יעצט. דארך

דעם

דעם יועט ער פאַר געסין וואָס עס האט זיך אים גיטראָפין אויף דעם נידריגין עולם (אויף דער וועלט) דאַרף דעם וועט אייער זוהן משה געהאָלפין ווערין מיט א ישועה שלמה. אונ מיט ארפואה שלמה.

עס איז אזוי גיוועזין, דער **משה** איז געהיילט גיוואָרין דאָרך דעם ריזינערס ברכה מיט ארפואה שלמה. זיין זכות זאָל אינז בייא שטיין ולכל ישראל אָמן:



## נאָך אַווינדערליכע מעשה פון רבי׳ן ר׳ ישראל פון רוזין זצ״ל.

אין איין שטאָדט לעבין רוזין אין גיוויזען איין גביר אויך אַ אָרענטליכער כאָן ער האט זייער פיהל געשטיצט דעם רבי׳ן ר׳ ישראל ז״ל. דער גביר איז אלע מאהל מער רייכער גיוואָרין ביז ער האט זיך אליין געקויפט איין גובערניא וואָס עס איז דאָרט גיוועזין פיל דערפער אויך איז דאָרט גיוועזין זייער פיל ארענדעס אויך מיהלען, אונ קרעטשמים. אונ פאַקטין אויף דיא אלע ערטער האבין ביז יעצט גיוואָהנט יודין אונ האָבין דאָרט גיהאַט פרנסה ברווח, אונ וויא דער גביר האט גיקויפט דיא אלע דערפער האט ער גיגעבין איין פריקאַז אַז אלע יודין וואָס וואָהנין אונ די דערפער זאָלין זיך ארויס ציהין פון דאָרטין אונ עס האט נישט גיהאָלפין קיין וויינין אונ קיין שרייען. נאָר בעוויל זייא האבין גיוויסט אז דער גביר איז פון דעם ריזינערס חסידים וואָס ער האט דאַמאָלס גיוואָהנט אונ סאדיגורא (גאַליציא) ע״כ זענין זייא תיכף גיפאָרין קיין סאַדיגורא צום רבי׳ן ר׳ ישראל־צי אונ האָבין אים דערציילט די גאנצע מעשה פון אנהייב ביז דעם סוף וויא דער רבי האט אזוי אוים גיהערט האט ער תיכף געשיקט נאָך דעם גביר ער זאָל צו אים קומען נאָר דער גביר האט אָבער נישט גיוואָלט הערין דעם רבי׳נ׳ס רייד אונ איז נישט גיקומין, האט דער רבי נאָך אַמאָהל גישיקט נאָך עס אונ ער האט אויך נישט גיוואָלט קומין נאָר וויא דער רבי האט שוין גישיקט דאָס דריטע מאָהל נאָך איהם, האט ער גיענטפערט דיזע ווערטער. איך מיש מיך נישט אונ רבינ׳ס זאַכין זאָל אים נישט אָנגיין מיינע זאַכין אונ וואָס איך וויל וועל איך טוהן. וויא מען דאָט דעם רבי׳ן דערציילט דיזע ווערטער האָט ער מער נישט גיזאָגט נאָר דיא צווייא ווערטע „נאָ" „נאָ" תיכף האט דער גביר אָנגיהויבין אָרימער צו ווערין ביז ער איז גיוואָרין אַגרויסער אָרימאַן פון דעסט וועגין האט ער נאָך נישט חרטה גיהאַט אויף דער תשובה וואָס ער האט גיענטפערט דעם רבי׳ן ביז ער איז גיט שלאַף גיוואָרין אז אלע דאָקטורים האָבין נישט גיקאָנט געפינין קיין רפואה צוא אים ע״כ האט ער גיבעטין זיין בני בית זייא זאָלין אים פירין צום רבי׳ן וויא ער איז אָנגיקומין איז ער גיגאַנגין צום רבי׳ן אונ איז געבליבין שטיין בייא דער טיהר, האט ער גישיקט זאָגין דעם רבי׳ן אז ער שטייט בייא דער טיהר אונ ער קען בשום אופן נישט אַריין גיין. דאַמאָלס איז דער רבי

צו

צו אים אַרויס געגאַנגען אויף דער גאַס און האָט אים אָנגעקוקט עטליכע רגע־ס און איז תיכף אַריין גיגאַנגען און שטיל אַריין און האָט גאָר נישט גירעדט און דער יוד איז אַהיים גיפאָרין און איז אַוועק געשטאָרבין :

בייא דעם רבי־ן איז גיוועהן אַ מנהג. אַז עס איז גיוועהן אַזעלכע גבירים וואָס אַז מען האָט אַמאָהל גיראָרפין שטעלין ווייַן בייַא דעם רבין־ס טיש און עס איז נישט גיווען אַזעלכער וואָס זאָל קענין שטעלין ווייַן איז גיוועהן אַ מנהג אַז דיא גבאים פלעגין שטעלין ווייַן אויף דיא גבירים־ס קאָנטע האָטש דיא גבירים זענין דאָרט נישט גיווען . און אַסך מאָהל האָט דער רבי גיהייסין שטעלין ווייַן פון דעם גביר־ס וועגין וואָס מיר האָבין פון אים פריער גישמיסט . וויא עס איז פערבייַא געגאַנגין אַלאַנגע צייַט וואָס דער גביר איז שוין געהאַט גישטאָרבין האָט זיך געטראָפין אַז דער רבי האָט געהייסין מען זאָל שטעלין ווייַן פון דעם גביר־ס וועגין . און דיא גבאים האָבין גיוויכט אַז דער גביר איז שוין לאַנג גישטאָרבין האָבין זייא גימיינט אַז דער רבי ווייסט גאָר נישט פון דעם ע"כ האָבין זייא געשוויגין און גאָר נישט זיך אָנגירופין האָט דער רבי ווידער גיזאָגט אַז מען זאָל געבין ווייַן פון דעם גביר'ס וועגין . האָבין דיא גבאים געמוזט דער צייַלין אַז דער גביר איז גישטאָרבין שוין אַלאַנגע צייַט . וויא דער רבי האָט אויס געהערט זייערע רייד האָט ער זייא געזאָגט איר מיינט אַז איך ווייס נישט פון דעם ? איך ווייס אַלייַן פון דעם . נאָר הערט גוט אויס וואָס איך וועל אייַך דער צייַלין אין הימעל איז פערהאַנדין דרייַא ערלייַא דיינים איין בית דין איז פערהאַנדין בלויס מלאכים הייליגע דאָס אנדערע בית דין איז ווידער פון צדיקים וואָס זענין שוין לאַנג נפטר גיוואָרין (גישטאָרבין) דאָס דריטע ב"ד איז פאַר האַנדין אויך פון צדיקים נאָר אויף דער וועלט . דער סדר איז אַזוי אַז אַמענטש שטאַרבט ערשטינס פירט מען אים פאַר דעם בית דין פון מלאכים דאָס הייסט דער ערשטער בית דין דאָרט פערשילדיגט מען אים באַלד בעווייַל מלאכים האָבי און זיך נישט קיין יצר הרע פערשטייען זייא נישט וויא אַזוי אַמענטש קען זינדיגין אַקעגין דעם אייבערשטין אפילו אַקלייניגע עבירה ע"כ פסקינין זייא אים דאָס גיהנם אַז דער מענטש איז אָבער אַקליגער אויף אַז הש"י העלפט אים קען ער בעטין מען זאָל עס פאַר שטעלין פאַר דעם אַנדערין בית דין . דהיינו פון צדיקים וואָס זענין שוין לאַנג גישטאָרבין . זייא פערשילדיגין עס אויך בעווייַל זייא זענין שוין לאַנג געשטאָרבין האָבין זייא שוין פאַר געסין וויא אַזוי אַמענטש איז פאַר טרוד אויף דער וועלט פון דעסט וועגין פסקינין זייא דאָך פאָרט גרינגער פון דעם ערשטין בית דין נאָר אַקעגין דעם דריטין בית דין פסקינין זיי הארב . אַז דער אייבערשטער העלפט נאָך דעם מענטש האָט ער שכל צוא בעטין מען זאָל אים פירין פאַר דעם דריטין ב"ד . דהיינו דיא צדיקים וואָס לעבין נאָך אויף דער וועלט . און זייא ווייסין וויא ווייַט דער יצר הרע יאָגט נאָך דעם מענטש וויא אַפייַער ער זאָל זינדיגין זייא פערגרינגערין אַסך דעם פסק. האָט זיך דער רבי גיגעבין אַשטעל אויף און האָט אַזוי גיזאָגט רבש"ע דיא וויכט דאָך אַז איך בין פון דעם דריטין ב"ד. אַזוי וויא דיא האָסט דעם גביר גיהאָלפין מען זאָל אים פירין צוא אונז דריטע בית דין כן איך גרייט איך זאָל אים טוהן אַטובה וויא ווייט איך קאָן ע"כ זאָלט איר שטעלין ווייַן פון זייַנעט וועגין . דער זכות פון דעם הייליגין צדיק זאָל אויף אונז בייַא שטיין אָמן כן יהי רצון :

## נָאךְ אַוְוינְדֶערְלִיכֶע מַעֲשֶׂה פוּן דֶעם רֶבִּי'ן ר' יִשְׂרָאֵל רִיזִינֶער זצ"ל :

דֶעם רִיזִינֶערְ'ס אַ קְרוֹב הָאט דֶערְצֵיילְט אַז אַמָאהְל הָאט דֶער רֶבִּי גֶעהֵייסִין קוֹפִּין גִיוְואַנְט אוֹיף הוֹיזִין. אוּנ עֶר הָאט גֶעהֵייסִין רִיפִין אַ שְׁנַיידֶער עֶר זָאל אִים נֶעמִין דִיא מָאס אוּנ זָאל אִים מַאבִין לַאנְגֶע הוֹיזִין בִּיז דֶער עֶרד. זַייא זָאלִין פַארְדֶעקִין דִיא פִינְגֶער פוּן זַיינֶע פִּיס. מִיר הָאבִּין נִישְׁט פֶערְשְׁטַאנִין נָאךְ וְואָס עֶר דַארְף הוֹיזִין וְוִיא אַדַייטְשׁ. נָאר פוּן דֶעסְט וְועגִין הָאבִּין מִיר אִים נִישְׁט גִיפְרֶעגְט אַ טַעַם. דֶער שְׁנַיידֶער הָאט אִים אָבְּגִיבְּרֶענְגְט דִיא הוֹיזִין אַזוֹי וְוִיא דִיא מָאס וְואָס עֶר הָאט אִים גִיגֶעבִּין. הָאט עֶר אִים גֶעהֵייסִין גִיט בֶּעצָאהְלִין, אוּנ דִיא הוֹיזִין הָאט מֶען בֶּעהַאלְטִין אוּנ קִיפֶּערְט אַרַיין, אוּנ אַקְלֵיינֶע צַייט אַרִים אוּנ ווִינְטֶער עֶס אִיז גִיוֶועזִין גְרוֹיסֶע קֶעלְט. הָאט מִיר דֶער רֶבִּי גִיזָאגְט קוּם מִיט מִיר אוֹיף דֶער גַאס אוּנ נֶעם דִיר מִיט אַזֵייגֶערִיל. אוּנ מִיר וְועלִין שְׁטֵיין אוֹיף דֶער גַאס אוֹיף אֵיין אָרְט אַ שָׁעָה דוּרְךְ אַנַאנְד, אוּנ אַז עֶס וֶועט זִיךְ קָאנְטְשִׁין אַ שָׁעָה זָאלְסְטוּ מִיר זָאגִין אַז עֶס הָאט זִיךְ אוֹיס גִילָאזְט דִיא שָׁעָה. וְועלִין מִיר אַרַיין גֵיין אוּנ שְׁטוּהבּ אַרַיין דִיא זָאלְסְט דִיךְ גִיט אָנְטוּהְן. זָאלְסְט מִיט מִיר קֶענִין שְׁטֵיין אַ גַאנְצֶע שָׁעָה. דֶער רֶבִּי הָאט דַאמָאלְס אָן גִיטוּהְן דִיא לַאנְגֶע הוֹיזִין. אוּנ אִיז גִיגַאנְגִין בַּארוּוִיס. נָאר מֶען הָאט נִישְׁט דֶערְקֶענְט אוֹיבּ עֶר גֵייט בַּארוּוִיס ווַייל דִיא לַאנְגֶע הוֹיזִין הָאבִּין פֶערְדֶעקְט זַיינֶע פִּיס. בִּין אִיךְ מִיט אִים אַרוֹיס גִיגַאנְגִין אוֹיף דֶער גַאס. אִיז עֶר גִישְׁטַאנִין אַ שָׁעָה דָאךְ אַנַאנְד. אִיךְ חָאטְשׁ אִיךְ בִּין גִיגַאנְגִין גִיט אָנְגֶעטוּהְן פוּן דֶעסְט וְועגִין אִיז מִיר זֵייעֶר קַאלְט גִיוֶועזְן צוּא שְׁטֵיין אוֹיף אֵיין אָרְט. אַלֶע מָאהְל הָאבּ אִיךְ גִיקוּקְט אוֹיף דֶעם זֵייגֶערִיל אוּנ וְוִיא עֶס הָאט זִיךְ גִיקָאנְטְשִׁיט אַ שָׁעָה הָאבּ אִיךְ גִיזָאגְט צוּם רֶבִּי'ן. רֶבִּי עֶס אִיז שׁוֹין אַ שָׁעָה. הָאט עֶר אוֹיף גֶעהוֹיבִּין זַיינֶע פִּיס פוּן דֶער עֶרד אַרַיין צוּ גֵיין אוּנ שְׁטִיבּ אַרַיין. וְועגִין זַיינֶע הֵיילִיגֶע פִּיס גִיוֶועזְן צוּ גִיפְרוֹרִין צוּ דֶער עֶרד קוֹים וְואָס עֶר הָאט גִיקֶענְט אַוְועק רִירִין זַיינֶע פִּיס פוּן דֶעם אָרְט וְואָס עֶר אִיז גִישְׁטַאנִין. אִיז אַרוֹיס גִיגַאנְגִין בְּלוּט פוּן דִי פָאדֶעשְׁווִיס פוּן זַיינֶע פִּיס. אַזוֹי וְוִיא עֶר אִיז גִיגַאנְגִין הָאט עֶר פֶערְבְּלוּטִיגְט זַיינֶע טְרִיט. וְוִיא אִיךְ הָאבּ דָאס גִיזֶעהְן, בִּין אִיךְ זֵייעֶר עֶרְשְׁרָאקִין גִיוָוארִין. הָאבּ אִיךְ גִיזֶעהְן אַז עֶר אִיז גִישְׁטַאנִין בַּארוּוִיס. פוּן דַאנִין קֶענִין מִיר זֶעהְן וְוִיא ווַייט עֶר אִיז גִיוֶועזְן אַ פֶערְבָּארְגִינֶער צַדִּיק זַיין זְכוּת זָאל אוּנְז בַּייא שְׁטֵיין וּלְכָל יִשְׂרָאֵל אָמֵן :

## נָאךְ אַוְוינְדֶערְלִיכֶע מַעֲשֶׂה פוּן רֶבִּי'ן ר' יִשְׂרָאֵל פוּן רוּזִין זצ"ל .

צְווייא מֶענְטְשִׁין חֲשׁוּבִים פוּן קַאנִין הָאבִּין דֶערְצֵיילְט אַז וְוען דֶעם רִיזִינֶערְ'ס פָאטֶער הָאט נָאךְ גִילֶעבְּט. דָאס אִיז דֶער רֶבִּי ר' שָׁלוֹם פוּן פְּרָאבִּישְׁט אִיז דֶער רוּזִינֶער נָאךְ גִיוֶועזְן אַ קְלֵיין יוּנְגִיל דֶער שְׁטֵייגֶער פוּן דִיא מֶענְטְשִׁין אִיז

איז גיוועֶן אַז אַלעֶ יאָהר אונ אָהנהייב ווינטעֶר זעֶנין זייא גיפאָרין אויף דעֶם יריד. אונ נאָך האָבין זייא זיך נוהג גיוועֶן. אַז צום סוף יריד וואָס זייא האָבין שוין גיוואָלט אַהיים פאָרין זעֶנין זייא אום גיגאַנגין צווישין זייעֶרעֶ בעֶקאַנטעֶ סוחרים צונויף נעֶמין אַ סוממעֶ געֶלד פון ר׳ שלום׳ם וועֶגין ווייל זייא האָבין גיוויסט אַז עֶר איז זייעֶר פאַר עֶנגט. אונ זייא פלעֶגין צוא קומעֶן מיט דעֶם געֶלד צום רבי׳ן ר׳ שלום אונ האָבין עֶס איהם גיגעֶבין. אַזוי איז גיוועֶן זייעֶר שטייגעֶר אַללעֶ יאָהר. אַמאָהל האָט זיך גיטראָפין זייא האָבין צו זאַממין גינימעֶן אַ שיינעֶ סוממעֶ געֶלד זעֶנין זייא גיקומעֶן. צום רבי׳ן ר׳ שלום אונ האָבין עֶס איהם גיגעֶבין דאַמאָלס איז גיוועֶן זייעֶר פסקודנעֶ אונ דרויסין דאָרך דיא רעֶגינס אונ בייא דעֶם רבי׳ן ר״ש אונ שטיב איז מעֶן גיוועֶן זייעֶר פערעֶנגט וויא זייא זעֶנין גיקומעֶן אונ האָבין דעֶם רבי׳ן גיגעֶבין דאָס געֶלד האָט ר׳ שלום דעֶר פון זייעֶר הנאָה געֶהאַט. אונ האָט זייא גאָר אָרינטליך אויפגינומין. זייא האָבין דאָס גיט פעֶרשטאַנין. איז דאָס בייא זייא גיוועֶן אַנחת רוח וואָס זייא זעֶנין מהנה דעֶם צדיק זעֶנין זייא פאַר איהם גיזעֶסין מתחילת נאַכט אַצווייא אָדעֶר דרייא שעה. וויא עֶס איז גיקומעֶן דיא צייט פון נאַכט עֶסין. האָט זייא דעֶר רבי גיבעֶטין זייא זאָלין מיט איהם בעֶנאַנד עֶסין האָבין זייא אַזוי גיטוהן. אונ יעֶדעֶם מאָהל וואָס דעֶר רבי האָט מיט זייא גירעֶט דברי תורה אָדעֶר מוסר בייא דעֶר גאַנצעֶר סעודה. איז דאָס קינד גיקומעֶן צום טיש העֶרין וואָס זיין פאָטעֶר רעֶט אונ אַז עֶר פלעֶגט אויף העֶרין צוא רעֶדין אונ זייא האָבין גיגעֶסין איז זיך דאָס קינד צוריק גיגאַנגין אונ זיין חדר אַריין. וויא זייא האָבין אָבגיגעֶסין אונ אָבגיבעֶנטשט. האָבין זייא גיוואָלט גיין אונ זייעֶר גאַסט הויז אַריין שלאָפין. האָט זייא דעֶר רבי ר״ש גיזאָגט. קומט וועֶל איך אייך ווייזין אַ חידוש. איז דעֶר רבי ר״ש גיגאַנגין מיט זייא אונ דעֶם קינד׳ם הדר אַהיין וויא זייא זעֶנין גיקומעֶן אונ דעֶר טהיר פון דעֶם קינד׳ס חדר. איז דיא טהיר גיוועֶן פעֶרמאַכט אונוויינינ. האָט ר״ש אָנגיקלאַפט בייא דעֶר טהיר מעֶן זאָל איהם עֶפינין. האָט דאָס קינד תיכף גיעֶפינט דיא טהיר פון זיין חדר. איז ר׳ שלום אַריין גיגאַנגין אונ דעֶם חדר אַריין. אונ זייא זעֶ‑ן אויך אַריין גיגאַנגין מיט איהם. האָבין זייא גיזעֶהן אַז דאָס קינד וויינט. האָט ר״ש גיפרעֶגט זיין קינד וואָס וויינסטו? האָט דאָס קינד גיעֶנטפעֶרט איך ליין קריאת שמע. האָט איהם זיין פאָטעֶר ר״ש גיזאָגט מיט דעֶם לשון איך בין אויף דיר גוזר בגזרת כיבוד אַב. דיא זאָלסט מיר זאָגין דעֶם אֶמת פאַר וואָס דיא וויינסט. האָט איהם דאָס קינד גיעֶנטפעֶרט מיט דיזעֶן לשון איך באַרעֶכין זיך וויפיל מאָהל איך האָב אויף געֶהויבין מיינעֶ העֶנט היינטיגין טאָג נישט לשם שמים אויף דעֶם וויין איך. דעֶר ריזעֶנעֶר איז דאַמאָלס אַלט גיוועֶן זעֶקס יאָהר זכותו יגן עלינו אָמן:

## נאָך אַוואונדערליכעֶ מַעֲשֶׂה וואָס דעֶר ריזינעֶר רבי ז״ל האָט דעֶרציילט.

איין יונגער מאַן האָט ערציילט בשעת ער (דעֶר יונגער מאַן) איז ר״ל גיוואָרין איין

איין ארימאן איז ער גיגאנגין צו זיין קרוב דער סאדיגורע״ער רבי ער זאל אים געבין אבריוו צוא דיא חסידים. נאר דער רבי האט דאס נישט גיוואלט געבין אונ האט גיזאגט עס איז נישט רעכט אזוי צו טוהן אפ ניצין זכות אבות. עס איז בעסער איך זאל דיר שרייבין אבריוו צו מיין מחותן ר׳ יעקב יאסי הײלפרין פון ב״ד ער זאל דיר געבין א שטעללע אונ זיין מסחר. אונ דארך דעם וועסטו דיך מפרנס זיין פון יגיע כפיך נישט פון קיין בשר ודם. הער אוים וואס איך וועל דיר ערציילין אפארכטיגע מעשה. אונ ארץ ישראל איז גיוועזן א איש מכובד אונ א מופלג בתורה ויראי שמים. ער האט גאר נישט געהאנדילט. נאר ער האט עוסק גיוועזן בתורה אונ ער איז גיוועזן א גרויסער ארימאן ער האט געהאט צוויא אדער דרייא בתולות חתונה צו מאכין. אונ ער האט נישט געהאט קיין שום איינקונפט אויף דיא הוצאות פון זייער חתונה. זיין ווייב האט אים ארנגירעט ער זאל ארויס פאהרין קיין חוץ לארץ דארטין וועט מען אים געבין שיינע נדבות. ווייל דאמאלס איז גיוועזן בחשיבות א איש מכובד פון ארץ ישראל. אונ דארך דער עצה וועט ער קענין געהאלפין ווערין ער זאל חתונה מאכין זיינע טעכטער. דער מענטש האט גיזעהן אז ער האט נישט קיין שום עצה נאר דיזע. אונ ער האט זיך נישט גיוואלט מפרסם זיין פאר יעדין אז ער איז פון ארץ ישראל. ער זאל נישט אבניצין קדושת ארץ ישראל. דעריבער איז ער צוא גיגאנגין צוא דער מזוזה פון זיין שטיב אונ האט גישווארין אז ער וועט קומין קיין חוץ לארץ זאל ער זיך נישט אוים געבין פאר קיין שום מענטש אז ער איז פון ארץ ישראל. נאר אז ער וועט קומין צוא א רבי׳ן א צדיק פון חוץ לארץ זאל ער זיך אויס געבין פאר אים ווער ער איז. אונ מיין נישט. איז ער אוועק גיפארין פון ארץ ישראל קיין חו״ל. האט ער גילוטין אויף דעם וועג גרויס דחקות. ביז ער איז גיקומין צו מיין פאטער קיין סאדיגורא. האט ער זיך פאר אים אנפלעקט אז ער איז פון ארץ ישראל. אונ אז ער האט אויף זיך גינומין ער זאל זיך מגלה זיין נאר פאר דיא צדיקים פון חו״ל. זייא זאלין אים געבין איין עצה אויף זיין בקשה. האט אים מיין פאטער גיגעבין זעקס רענדליך. אונ האט אים א עצה גיגעבין ער זאל פארין צוא זיין מחותן הרה״צ ר׳ דאדקיא ווייל דיא וועלט האלט אים פאר אגרויסין חכם. וועט ער אים געבין א עצה וואס ער זאל טוהן. איז דער מענטש גיפארין צום רבי׳ן ר׳ דאדקיא אונ האט אים אלעס דערציילט. אונ אז זיין מחותן דער ריזינער האט עם צו אים גישיקט. האט אים ר״ד גיגעבין זעקס רענדליך אונ האט אים גיזאגט אז ער זאל פארין צום רבי׳ן ר׳ מאיר׳ל ז״ל מפרימישלאן. ווייל דיא וועלט האלט אים פאר אנביא. ער וועט אים געבין אגיטע עצה אויף זיין בקשה. עס איז אזוי גיוועזן. ער איז גיפארין קיין פרימישלאן אונ איז גיגאנגין צום רבי׳ן. האט ער גיוואלט ארײַן גיין פאר אים ניזעהן צוא ווערין. אונ זיך מגלה זיין פאר אים. האט אים דער משמש נישט גילאזט ארײַן גיין. אויך אפילו נעמין שלום האט ער אים אויך נישט גילאזט. ווייל ער איז גיקומין מיט דיא ליידיגע הענד. מיטוואך אונ דאנערשטיג האט ער זיך גישטופט ארײַן צו גיין. אונ דער משמש האט אים אלס נישט גילאזט ארײַן גיין. איז ער זיך גיגאנגין אונ שטארט קלויז ארײַן דאווינין קיינער

קײנער האָט אים נישט גיקענט פֿון וואַנען ער איז. אונ דעם קלויז האָט גידאַוונט אַ שנײַדער. דער שנײַדער האָט גיקוקט אויף דעם אורח. איז ער אים גיפֿעלין, אונ האָט אים דער קענט אַז ער איז אַ ירא שמים. איז דער שנײַדער צו אים צו גיגאַנגין, אונ האָט אים גיגעבין שלום. אונ האָט צו אים גיזאָגט. אויב אײַך גיפֿעלט קימט מיט מיר אַהײַם עסין. דער אורח איז מיט אים אַהײַם גיגאַנגין אונ האָט בײַא אים גיגעסין האָט ער בײַא אים גינעכטיגט דו נאַכט פֿון פרײַטיג. פֿרײַטיג אונ דער פֿריא איז דער אורח גיגאַנגין דאַווינין אונ קלויז אַרײַן שחרית. איז דער שנײַדער צו אים ווידער גיקומין אונ האָט צו אים גיזאָגט אַז ער פֿערלאַנגט ער זאָל בײַא אים עסין שבת. איז דער אורח דערויף בעשטאַנין. ווײַל ער האָט אָנגיזעהן אונ דעם שנײַדער אַז ער איז אַ ערעכט פֿאַרטיגער מאַן. האָט ער אים אַזוי מבטיח גיוועזן אַז ער וועט בײַא אים זײַן שבת. דער שנײַדער האָט זיך זײער גיפֿרײַד. וואָס השי״ת האָט אים אָנגיברײַט אײַן אָרענטליכין אורח. האָט ער גיהײַסין זײַן ווײַב מאַכין אַ שבת וויא עס בעהער צו זײַן. אונ ער האָט דאָס אָנפֿלעקט צוא זײַנע עטליכע פֿרײַנד אַז ער האָט בײַא זיך אײַן אָרינטליכין אורח. כדי זײַא זאָלין צו אים קימין אֶפשר וועלין זײַא פֿון אים הערין וועלכע דברי תורה. מסתמא זענין זײַא גיקומין אונ גיזעסין מיט דעם אורח זײַא האָבין אַלע נישט גיוויסט ווער דער אורח איז. אונ פֿון וואַנין ער איז. דער רבי ר׳ מאיר׳ל האָט גירופֿין זײַן משמש זונטאָג אונ דער פֿריא. אונ האָט אים גיזאָגט. איך

פֿיל דאָ דעם איר פֿון ארץ ישראל. גײַא אום אונ דער גאַנצער שטאָט אָבזיכין דעם מענטש. אונ זאָלסט אים אַהער ברענגין. אויב דו וועסט אים נישט אַהער ברענגין. וועל איך פֿון דיר מאַכין אַ הויפֿין בײנער. דער שמש איז זײער ערשראָקין גיוואָרין פֿון דו ווערטער. ווײַל ער האָט פֿון דעם רבי׳ן נאָך קײן מאָהל נישט נעהערט אַזאַ קללה. איז ער תיכף אום גיגאַנגין אונ דער גאַנצער שטאָדט זיכין אים, אונ ער האָט אים נישט גיפֿינין. האָט ער זיך מיישב גיוועזן אונ איז גיגאַנגין אונ מאַרק אַרײַן דאָ וויא דו וועגין שטײען דאָרט טאָמער וועט ער אים דאָרט גיפֿינין. האָט אים אײנער גיפֿרעגט. וואָס טיט איר דאָ אונ וועמין זיכט איר. ווײַל דאָס איז בײַא אים גיוועזן אַווינדער. וואָרין דער שמש פֿלעגט אַהין קײנמאָהל נישט קימין האָט אים דער משמש ערצײלט. אַז עס איז דאָ פֿערהאַנדין אַ יוד פֿון ארץ ישראל. האָט דער רבי ר״מ אויף מיר גוזר גיוועזן מיט אַ שטאַרק וואָרינונג. איך זאָל אים צו אים אַהין ברענגין. דעריבער נײַא איך אים זיכין. האָט דער מענטש גיזאָגט צום משמש איך ווײס אַז בײַא דעם שנײַדער איז דאָ אײן אורח. אֶפשר איז דאָס דער וואָס איר זיכט אים. דער משמש איז תיכף גיגאַנגין צום שנײַדער האָט ער דאָרט גיפֿינין דעם אורח. האָט ער אים דערקאָנט אַז דאָס איז דער וואָס ער האָט אים נישט אַרײַן גילאָזט צום רבי׳ן. האָט אים דער משמש גיפֿרעגט. איר זענט דער יוד פֿון ארץ ישראל? ווײַל דער רבי האָט אויף מיר גוזר גיוועזן איך זאָל אײַך צו אים ברענגין. האָט ער אים מודה גיוועזן אַז ער איז פֿון א״י. האָט אים דער

משמש

משמש תיכף גיפירט צום רבי'ן . וויא ער איז אריין גיקומען אונ האט גינומען שלום בייא דעם רבי'ן ר"מ . האט אים ר' מאיר'ל גיענטפערט שלום מיט אפרייליך פנים אונ האט צו אים גיזאגט מיט דיזין לשון . גילובט איז השי"ת וואס איר זענט צו מיר גיקומען . ווייל איך הויט דאך פון אייערט וועגין געלד איר זאלט האבין חתונה צו מאכין אייערע טעכטער . ווייל אונ הימפיל האט מען רחמנות געהאט אויף אייער תורה איר זאלט נישט ווערין פאר טרוד פון אייער תורה . דעריבער האט מען מיר בעפוילין פון הימעל פון דער צייט אהן וואס אייערע טעכטער זענין גיבארין גיווארין איך זאל צונאנד נעמין ביסלאך ווייס אויף זייער חתונה . האט ר' מאיר'ל געהייסין מען זאל אים דער לאנגין דו קליינע שקאטילקע וואס זיא ליגט אויף דעם ארט . האט ער גיעפינט דו שקאטילקא אונ האט אים אוועק גיגעבין אללע רענדלעך וואס זענין דארט גילעגין איז דארט גיוועזן ס"ה זעקס הונדערט רענדלעך . אביסיל זענין שוין גיוועזן זייער אלט ביז זייא זענין שוין גיוועזן פערזשאווערט . דער מענטש האט זיך אבגיזעגינט מיט ר' מאיר'לין מיט גרוים שמחה אונ ער איז צוריק גיקומין צו מיין פאטער קיין סאדיגורא . אונ האט אים זייער גידאנקט אויך האט ער מיט גיברענגט דו רענדליך צו מיין פאטער ז"ל . האט מיין פאטער אליין אבגירייניקט דיא פערזשאווערטע רענדליך . האט דער מהרא"י פון ס"ג אוים גיפירט זעהסטו וואס עס האט דעם מענטש גיטראפין ווייל ער האט נישט גיוואלט אבניצין דיא קדושה פון ארץ ישראל . אזוי דיא אויך הייס דיר נישט אפ ניצין דיין זכות אבות . נא דיר אבריף צו מיין מחותן ר' יעקב יוסיא היילפרין פון באירדיטשוב ער זאל דיר געבין אשטעללע אונ זיין מכחר וועסטו גיזעטיגט ווערין פון דיין ארבייט בעזה"י . זיין זכות זאל אינז בייא שטיין ולכל ישראל אמן :



## נאך א וואונדערליכע מעשה פון ר' ישראל ריזינער זצ"ל

ווען דער ריזינער ז"ל האט גיוואהנט אונ סקאלא (עסטרייך) האט . ער אמאהל פרייטיג פאר נאכט גישיקט רופין דעם רב הגאון ר' שלמה דער סקאלער רב . ער זאל זיך מטריח זיין אונ תיכף קומען צו אים וועגין אנייטיגע זאך . דער שליח איז גיגאנגין אונ האט גירופין דעם רב . איז ר' שלמה תיכף גיגאנגין . ער האט שוין געהאט אנגיטיען דיא שבת'דיגע מלבושים . איז ער אונ דיא מלבושים אהין גיגאנגין צום רבי'ן . דער רבי איז גיזעסין אויף זיין שטול . אונ איז נאך גיוועזן אנגיטוען דיא וואכידיגע מלבושים . אונ האט גירייכערט דיא לילקע . עס איז נאך דאמאלס גיוועזן א שעה פאר שקיעת החמה . האט דער רבי געהייסין מען זאל אריין ברענגין א בענקיל ר' שלמה זאל זיך אנידער זעצין . האט דער רבי אנגעהויבין צו דערציילין צוא ר' שלמה'ן מיט דעם לשון עס איז גיוועזן א מעשה . אונ א שטאט פון רוססיא איז גיוועזן א גביר איין ארינטליכער מאן .

יאן זיך אלמדן. זיין מסחר איז גיוועזן ער פלעגט האלטין פאדראטין פון דער מלוכה. אמאהל איז ער גיווארין איורד ר"ל. האבין זיינע קרובים אונ זיינע פריינד אויף עס יחסנות נעהאט אונ האבין צווישין זיך צונויף גינימען א סוממע געלד אונ האבין אים גילינען ער זאל פארין קיין קיעב אונ זאל דארט נעמין איין פאדראט דער מענטש איז גיפארין קיין קיעב. אונ האט גינימען איין גרויסין פאדראד אויף' אגיטין מקח. אונ ער האט איינגילייגט זאלאג עטליכע הינדערט רו"כ אזוי וויא דיא פראווע איז פון דעם קייזער פון דעם געלד וואס מען האט עס גילינען. צו נעמין אקאנטראקט אויף דעם פאדראד האט ער גידארפין פארין קיין פעטערבורג ער זאל נעמין אקאנטראקט אונ זאל צו צאהלין דו רעשט געלד. דיא שרי מלוכה האבין זיך אונ עס זייער מקנא גיוועזן. אז איזד זאל נעמין אזא גרוים גישעפט פאר וואלוויל געלד. אונ זייא האבין דאס נישט גיקענט מבטל זיין אונ זאלין בייא אים צו נעמין דעם פאדראד נאר איין עצה האבין זייא זיך גינעבין אונ האבין מכוון גיוועזן אז דער לעצטער טאג פון דעם נעמין דעם קאנטראקט. אונ צוא צאלין דיא רעשט געלד צום קייזער זאל אוים קימען אום שבת. כדי ער זאל זיך דארפין חתמינין אום שבת. אויב ער וועט נישט וועלין חתמינין זיך וועט ער היזק האבין דאס גאנצע געלד וואס ער האט פריער איינגילייט זאלאג אייל אזוי איז דיא פראווע. דער יוד האט פון דעם גאר נישט גיוויסט. אונ איז אהיים גיפארין מיט גרוים שמחה. וויל ער האט גיוויסט. אז

אפילו נאך דעם וואס ער וועט בעצאלין דיא רעשט חוב וועט ער אויך פיעל פערדינין. וויא עס איז גיקומען דיא צייט וואס ער האט געדארפט נעמין דעם קאנטראקט. איז ער גיפארין קיין פעטערבורג צו קאנטשין דאס נעמין דעם קאנטראקט. איז ער גיווארר גיווארין. אז דער טאג פון דעם נעמין וועט זיין אום שבת. האט ער פון דעם געהאט זייער ע"נ. ער האט גיוואלט בעצאהלין דאס גאנצע געלד אום פרייטיג. נאר מען האט בשום אופן בייא אים נישט גיוואלט נעמין נאר אונ דעם אוים גיזעצטין טאג נישט פריער. איז עס גיוועזן ביטער אונ צווייא זייטין צוא נעמין דעם קאנטראקט אונ צו חתמינין זיך אום שבת. איז גיוועזן ביטער מחלל שבת צו זיין במזיד. זאל ער נישט נעמין דעם פאדראד. וועט פערפאלין ווערין דער זאלאג. אונ ער וועט נישט קענין בעצאלין דיא חובות. וועט עס נאך פעהלין א שטיקיל ברויט ח"ו. הכלל דער יצר הרע האט אים בייא גיקומען אונ איז גינאנגין אים שבת אונ האט זיך גיחתמית אויף דעם קאנטראקט. דאמאלס האט ער גינומין דעם פאדראד וויא עס געהער צו זיין. אונ איז רייך גיווארין דערינין אונ האט בעצאלט אלע חובות וויא עס געהער. הערשט אונ אקליינע צייט איז דער גביר גישטארבין. משפט מען עס אויף יענער וועלט פאר וואס ער האט מחלל שבת גיוועזן דעריבער האב איך מטריח גיוועזן איר זאלט מיר זאגין אויב איין אונס פון געלד הייסט איין אונס קיינין שבת צו נישט. אויב ער הייסט איין אונס קיינין שבת. וועט דאס זיין פאר אים אטובה אויף יענער וועלט. וויל ער האט געהאלטין בייא אהן ווערין פיל געלד

געלד און אַזוי וויא מען פּסקינט אויף דער וועלט פּסקינט מען אונ הימעל אויך. האָט זיך ר' שלמה מיישב געוועזען און האט געמאַכט דערינען אַ ברייטין שמים מיטן רבי'ן. וויא ר' שלמה האָט גיקאָנטשיט זיינע ווערטער האָט דער רבי צו אים גיזאָגט. אַגוטין שבת אַגוטין שבת און ער איז זיך אַהיים געגאַנגען. פערשטייט זיך אַז ווייל פרייטינג איז דיא צייט וואָס מען ברענגט אויף דיא נשמות דעריבער האָט ער גיריפען ר' שלמה'ן כדי ער זאָל דעם טויטין קענין טיען איין טובה מסתמא האָט ער אים בוודאי גיטיען אַטובה. זייער זכות זאָל אינז ביא שטיין ולכל ישראל אָמן:



## נאָך אַ ווינדערליכע מעשה וואס דער צדיק ר"י מרוזין זצ"ל האָט ערציילט.

דער הייליגער צדיק ר"י פון רוזין האָט אַמאָהל גישמוסט פון הייליגין רבי'ן ר' יחיאל מיכלי זלאָטשיווער. האָט ער דערציילט דיא ווינדערליכע מעשה פון זלאָטשיווער צדיק:

עס איז אַמאָהל גיוועזען זייער איין ערליכער יוד און איז גיזעסין אונ איין דאָרף ביא איין שררה ער האָט נעהייסען ר' ישראל. דער אַרענדאַר איז גיוועזן ביא דעם שררה זייער חשוב היינו ער האָט אָהן דעם אַרענדאַר ניט גיטאָהן קיין שום זאַך ער האָט ניט גיקופט אויך ניט פאַר קופט אָהן דעם אַרענדאַר. ער איז אָפּ גיזעסין ביא דעם אָדון אַצייט פון עטליכע יאָר. ראַטעס פאַר דעם דאָרף פלעגט ער צו צאָלען פאָראויס דאָס הייסט יעדערין קוואַרטיל האָט ער גיצאָלט פריער. דער אָדון איז פון ר' ישראל זייער צופרידין גיוועזן. און עטליכע יאָהר אַרום מאַכט זיך דעם ר' ישראלען איז שלעכט גיוואָרען און דער אַרענדע און ער איז גיוואָרין אָרעם. עס איז גיקומען דאָס קוואַרטיל ער האָט ניט צו נעבען דעם שררה קיין געלד פאָר אויס האָט ער גיבעטין דעם שררה אַז ער וועט אים נעבין צום סוף דאָס הייסט דאָס קוואַרטיל וועט אויס גיין וועט ער אים באַצאָלען. דער שררה מחמת ער האָט אים זייער ליב גיהאַט האָט ער ביא אים גיפועלט אַז ער וועט נעמען ביא אים צום סוף קוואַרטיל. עס איז גיקומען נאָך דעם קוואַרטיל ער האָט ווייטער ניט. ער בעט דעם שררה ער זאָל אים וואַרטען וועט ער אים שוין געבין מיט אַמאָהל פאַר איין האַלב יאָהר. דער שררה איז אַזוי אויך מרוצה גיוואָרען אַז ער זאָל נעמען ביא אים פאַר אַהאַלב יאָהר. עס איז גיקומען צום האַלבען יאָהר און ער האָט ווייטער ניט צו נעבין. זאָגט דער שררה צו אים ישראל דוא ווייסט אַליין וואויל אַז איך טוא דאס ניט קיין שום רענדאַר פון אַלע מיינע רענדאַרס דאָס וואָס איך טוא דיר. ווייל איך האָב דיך ליב. נוא איך דיר נאָך מיין זיץ אָפּ אונ דאָרף ביז סוף יאָהר און סוף יאָהר זאָלסטו זעהן מיר אָפּ צו נעבען דיא ראַטע פון אַגאַנץ יאָהר. נאָר באים לאָז אַז דוא וועסט ניט אָפּ נעבין סוף יאָר און נאַנצען דיא ראַטע זאָלסטו

זאָלסטו וויסען אַז דוא מיט דיין ווייב
אונ וויפיל קינדער דוא האָסט זענט
זיר אַלע פאַר פאַלען איך וועל אַיך
אריין וואַרפען אונ איין גרוב ביז איר
וועט דאָרט אויס שטאַרבען. אונ
גידענק דאָס גאַנץ גוט אונ זעה סטאַרע
זיך אַז דוא זאָלסט האָבען דוא ראַטע
פאַר אַגאַנץ יאָר. דער ר׳ ישראל רענדאַר
דאַנקט אים זעהר שיין אונ גייט פון
אים אַהיים. ער טראַכט זיך וויא
אַזוי עס וועט דער נאָך זיין גוט איז
אים איין חיי שעה. ער איז אָפּ גיזעסין
דאָס האַלבע יאָר אָבער דער אומגליק
האָט אים צו גידינט אַז עס איז גיקומען
סוף יאָר ער קאָן אים ניט געבין אַפילו
פאַר איין קוואַרטיל. דער שררה
שיקט אים רופין אונ זאָגט אים נוא
וויא איז מיין געלד. זאָגט ער אַז ער
האָט ניט איז דער שררה גיוואָרען
אונ כעס. אונ האָט גישאַפּט מען
האָט גינומען דעם רענדאַר אונ דיא
רענדאַרקע אונ זייא האָבין גיהאַט
צווייא קינדער אונ מיט דעם דריטען
איז זיא גיוועזן מעוברת אונ מען
האָט זייא מיט אַלייטער אַראָפּ גילאָזט
אונ איין גרוב. אונ מען האָט גיהייסען
זייא געבין אַלע טאָג צו פונט ברויט
אונ איין קוואָרט וואַסער אויף
יעדערין מענטש דער איינפּיר איז
גיוועזן אַז אַלע נאַכט האָט גידאַרפט
גיין צו דעם גרוב אַפּוער אויף כטראָזע.
פלעגין דיא פּוערין גיין אַלע נאַכט
אַקאַליע. אַז זייא פלעגין קומען צו
גיין אויף דער סטראָזע פלעגין זייא
זיך אַריין בייגין אונ גרוב אונ פרעגין
ישראל לעבסטו האָט ער גיענטפערט
יוֹא :

אין דעם דאָרף זענין גיוועזן צווייא
פּוערין איינער איז גיוועזן וואָס

ער האָט קיין קינדער ניט גיהאַט.
אונ איז גיוועזן אַאָרינטליכער זייער.
דיא גאַנצע גראָמאַדע האָבין אים ליב
גיהאַט אונ ער איז גיוועזן זייער רייך
ער האָט גיהייסין איוואַן. דער אַנדערר
איז גיוועזן איין גיטיינער אונ איז גיוועזן
זייער אַשלעכטער. אַז דיא גאַנצע
גראָמאַדע האָט אים פיינט גיהאַט ער
האָט גיהייסין לאָקאַש. דער איוואַן
האָט ליב געהאַט איין יודען אונ דער
לאָקאַש האָט פיינט גיהאַט אַיודען
איז גיוועזן אַז איוואַן איז גיקומען אויף
דער סטראָזע אונ דאָט גיזעהן אַז אונ
דיא פאַלאַצען איז שוין פינצטער
פלעגט ער זיך אַריין בייגען דעם קאָפּ
אונ גרוב אַריין אונ פלעגט מיט דעם
רענדאַר ריידען אונ האָט אים אַלץ
גיפרעגט. ישראל וואָס וועט זיין דער סוף
וואָס ? וועכט דאָ זיצען. ענטפערט
אים דער רענדאַר פאַר שטייא אַליין
וואָס קאָן איך טאָן. איך זאָל זיין אונ
דרויסען וואָלט איך זיך גיקאָנט אפשר
עצות נעבין. אַז איך זאָל דיא ווייב
אונ קינדער אויך אַרויס נעמין אָבער
אַז איך ליג אונ גרוב וואָס קאָן איך
טאָן. דער איוואַן פלעגט אים טרייסטין.
איר האָט איין גרויסען גאָט ער איז
אַמתיר אַסורים ער קאָן דיך פון דאַנען
אויך אַרויס נעמן אונ האָט אים גווינטשין
אַגוטע נאַכט. אונ האָט זיך אויך
גלייגט שלאָפין. אָבער אַז דער
לאָקאַש פלעגט קומען. האָט ער זיך
אויך אַריין גבויגען אונ גרוב מיט דעם
קאָפּ אונ האָט אים געפרעגט. ישראל
לעבסטו זאָגט ער יוֹא. האָט ער אים
אָהן נישאָלטין אונ האָט אים צו
גווינטשין אַז ער זאָל שוין פון דאָרטין
ניט אַרויס. דער וויל איז דיא
רענדאַרקע דאָרטען גלעגין גיוואָרין
אונ האָט גיהאַט איין קינד. נאָר וויל
עס

עס איז געוועזן אָהן איין באָבע האָט דאס קינד ניט לאַנג געלעבט אונ איז דאָרטין געשטארבין ליגט שוין דאס קינד אויך דאָרטין. אונ דיא ווערעם עסין דאס. אונ עטליכע וואכין אַרום דאַרף איין קינד פון דיא צווייא קינדער אויך שלאַף ווערין אונ איז אויך געשטארבען אונ ליגט אויך אונ גרוב. דיא זאַך האָט אַזוי געדויערט ערך צווייא יאָר. נאָר דער שרה האָט איינמאָל געשיקט געוואָר ווערין זיין באַדינטען צו זייא לעבין אַלע. האָט ער געזעהן אַז צווייא קינדער זענין טויט נאָר ער מיט זיין ווייב אונ איין קינד לעבין נאָך קאָם קאָם:

עס איז געוועזן סוף צווייא יאהר. איז דער איוואַן געקומען אויף דער אוסטראָזיע צום גרוב דער פויער איז געזעסין לעבין גרוב ביז ער האט געזעהן אַז אונ די פּאַלאַצען איז שוין פינצטער האט ער אַריין געבויגען דעם קאָפּ אונ גרוב אונ זאגט ישראל לעבסטו זאגט ער קאם פרעגט ער אונ דיא רענדאַרקע. זאגט ער זיא לעבט אויך נאר הייסט דאס אַלעבין?. זאגט דער איוואַן האָרך צו איך האב גמיינט ביז אַהער אַז דו אַליין וועסט דיר עבין עפּיס איין עצה אַז דו זאלסט אַרוים נאר איך זעה דאך אַז דו טראַכסט נאָר ניט אַרום זיך מיט דיין ווייב. על כן זאָלסטו וויסען אַז איך האָב אָפּ געטראַכט פון אייערט וועגין איין עצה. נאָר גאָט זאָל אייך העלפען אַז מיין עצה זאָל מקויים ווערין. פרעגט ר' ישראל אַדרבא זאָג מיר וואָס האָסטו בייא טראַכט זאָגט דער איוואַן אַזוי. איך האָב דיר געבראַכט איין באַנקע ברונפען. אונ איך לאָז זיא אַראָפּ מיט איין שטריק. זאָל די באַנקע ברונפען שטיין בייא דיר ביז עס וועט אויס קומען דיא קאָליע אויף דעם לאָקאַטשען אונ אַז ער וועט קומען אויף דער סטראָזיע וועט ער דיך פרעגין לעבסטו. (וואָרים דו פראַגי האָט געמוזט יעדער פויער פרעגין) זאָלסטו זאָגין יוא. אונ זאָלסט איהם פרעגין לאָקאַטש וועסטו נעמין אַביסעל ברונפען וועט ער דיר זאָגין גיב. זאָלסטו איהם זאָגין איך וועל געבין. נאָר באזופן דיא זאָלסט אַביסעל טרונקין אונ מיר אָפּ געבין דאָס איבעריגע. אונ ווערלוג ער איז איין שלעכטער וועט ער זיך צו נעמין דיא גאַנצע באַנקע. אונ וועט טרונקען ביז ער וועט שיכור ווערין אונ איך וועל שטיין אונטער דעם פּאַרקען פון דעם הויף אַבי ער וועט נאָר אַנשלאָפען ווערין וועל איך קומען מיט איין שטריק אונ וועל אייך אַרויס נעמין אונ בייא מיר וועט שטיין איינגעשפּאַנט אַפיר מיט דרייא פערד אונ וועל אייך אַריבער פירען אַבי איבער דעם שררה'ס גרענעץ. אונ פון דאָרטין וועט איר זיך צו פאָרין ווייטער אַבי איר זאָלט בלייבען בייא אייער לעבין וועט אייך גאָט העלפין צום לעבין:

אונ אַזוי איז געוועזן. דער איוואַן האָט אַריין געלאָזט דיא באַנקע ברונפין, אונ גרוב אַריין מיט אַשטריק. ר' ישראל האָט זיא צו גנומען אונ האָט זיא אַנידער געשטעלט ביז לאָקאַטש וועט קומען. אונ עטליכע נאַכט אַרום איז אָהן געקומען דיא סטראָזשי אויף לאָקאַשען ער זאָל זיין אויף דער אויסטראָזיע איז ער געקומען צו גיין. ער בייגט אַריין דעם קאָפּ אונ פרעגט ישראל דו לעבסט זאָגט ער יוא (אונ דער איוואַן איז שוין אום געגאַנגין אונטער דעם פּאַרקין הערין אונ זעהן וואָס דאָ וועט זיין. אונ אין דער

חיים

הײם שטײט שוין אונ שטאַל אײנגישפּאַנט אײן עגלה מיט דרײַא פּע״ר. פּרעגט דער רענדער דעם לאָקאַשען שלאָפֿט מען שוין אונ דיא פּאלאַצען זאָגט ער יוא וואָס דאַרפֿסטו. זאָגט ר׳ ישראל צו אים ווײסטו וואָס איך וועל דיר זאָגין. זאָגט ער זאָג. זאָגט ער לאָקאַש טאָמער ווילסטו אַמרונק ברוינפֿען זאָגט ער ניב. זאָגט ער יוא איך וועל דיר נעבין דיא גאַנצע באַנקע זאָלסטו טרונקען וויפֿיל דו ווילסט אונ דאָס איבעריגע זאָלסטו מיר צוריק געבין. דער לאָקאַש האָט אַראָפּ גילאָזט דעם שטריק. אונ ר׳ ישראל האָט אים צוהן גבונדין דיא באַנקע בראָנפֿין אונ ער האָט זיא אַרויף גנימין. דער לאָקאַש טראַכט שוין ניט אָפּ צו געבין דיא באַנקע צוריק אונ האָט אונ זיך אַרײַן גגאָסין דעם ברוינפֿין ביז ער איז אויף דעם אָרט אַנידער גיפֿאַלין אונ איז גיבליבין שלאָפֿין טויט שיכור אונ דיא באַנקע שטײט לעבין אים. דער איוואַן האָט דער זעהן אַז ער שלאָפֿט שוין אונ חראַפּעט גאַנץ גיט איז ער גיגאַנגין צו צום גרוב אונ האָט אַראָפּ גילאָזט אײן שטריק. אונ זאָגט אים ישראל בונד דיך אַרים מיט דעם שטריק אונטער דיא הענט אונ איך וועל דיך אַרויף נעמין. ר׳ ישראל האָט אַזוי גיטוהן ער האָט אים אַרויף גצויגען אונ לאָזט נאָך אַמאָל אַרײַן דעם שטריק נעמט זיא רענדאַרקע אונ בונד זיך אויך אַרים אונ זײא בײדע ציהען זיא אַרויס. דער איוואַן נעמט זײא בײדע צו זיך אונ זײא האָבין זיך אַרויף גיזעצט אויף דער עגלה. אונ ער האָט זײא אַוועק גיפֿירט עטליכע מײַל ביז איבער דעם שרונת גרעניץ. אונ האָט זײא גגעבין געלד נאָך עטליכע קערבליך. אונ האָט זיך מיט זײא אָפּ גיזעגינט אונ ער איז גיקומען ביז טאָג אַהײם. אונ האָט אַרוים גילאָזט דיא פֿערד גלײַך וויא ער איז גאָר גישלאָפֿין אַגאַנצע נאַכט אונ דער הײם. דער רענדאַר מיט דער רענדאַרקע מחמת גרוים פֿרײד האָבין זײא פֿאַר געסין אַז זײא האָבין דאָרטין אונ גרוב איבער גילאָזט אײן לעבידיג קינד. נאָר זײא האָבין שוין בעסער ניט גיקאָנט מאַכין. זײא זענין זיך ווײַטער פֿון דאָרטין אַוועק גיפֿאָרין אונ אַוועג. אונ מהסתם האָט זײא השי״ת גהאָלפֿין:

עס איז גיקומען אונ דער פּריא דע פֿויערין האָבין אָהן געהויבין צו גײן אויף דער פּאַנשטישנע. זײא זעהן אַז לעבין גרוב ליגט לאָקאַש שיכור אונ שלאָפֿט אונ אײן האַלבע באַנקע מיט ברוינפֿין שטײט לעבין אים. דיא פֿויערין זענין גיגאַנגין צום פּקוד. אונ ערצײלין אים דיא זאַך. דער פּקוד לויפֿט אַרויס זעהט ער אַז ער ליגט האַלב טויט. מען וועקט אים מען רײַסט אים מען קאָן אים ניט דער וועקין. דער ווײַל איז דער שררה אויף גישטאַנין. איז גיגאַנגין דער פּקוד אונ האָט דעם שררה ערצײלט. אַז דער סטראָז לאָקאַש ליגט לעבין דעם גרוב שיכור אונ אײן האַלבע באַנקע ברוינפֿען שטײט לעבין אים. דער שררה גײט אַלײן אונ זעהט וויא ער איז טויט שיכור מען רײַסט אים אָבער מען קאָן אים ניט דער וועקין. דער שררה לאָזט אים שלאָפֿין ביז ער האָט זיך אויס גישלאָפֿין. דער שררה האָט גישאַפֿט מען זאָל אַרײַן גײן אונ גרוב אונ זעהן ווער דאָרט איז דאָ. מען האָט גיזעהן עס איז טײַן ניטאָ נאָר אײן קלײן

קליין יונגעל. מען האָט דאָס יונגעל אַרוים גנומען. דער ווייל איז דער לאָקאַש אויף גישטאַנין. דער שרה האָט גישיקט צו גויף רופין אַלע לאַטישע פויערין און האָט נהייסין ווייא משפטין דעם לאָקאַשין. דער איוואַן זאָגט ליבער שרה ווען עס זאָל זיין אויף מיין קאַנד. וואָלט איך אים גהייסין דיא הויט אַראָפּ נעמין. היתכן. מאָרגין וועסטו אים בשטעלין צו דיא מאַגעזינין. און איינער וועט קומען מיט איין קוואָרט בראָנפען. וועט ער אים אַריין לאָזין און מאַגיזין און ער זאָל זיך צו נעמין און גאַנצין וואָס דאָרטין איז דאָ. בקיצור מען האָט דעם לאָקאַשען אָפּ גיגעבין זיין משפט דאָס יונגילע שטייט. פרעגט דער שרה דיא גראָמאַדע וואָס טוט מען מיט דעם יונגיל. רופט זיך אָהן איוואַן ליבער שרה. אַזויא וויא דיא ווייסט אַז איך האָב ניט קיין קינדער. בעט איך דיך שענק מיר אים אַוועק און איך וועל אים אויס האָווען וועט ער זיין מיין זין. און איך וועל קאָנען מיט אים אָפּ קומען איין פיינשטשיזע. און ער וועט זיין ביי מיר דער גאַנצער בעל הבית דעם שרה איז זייער געפעלין. און האָט אים אָפּ גיגעבין צו דעם איוואַן. ער איז גיוועזן ביי אים איין צייט. ער האָט ביי אים גפאַשעט פריר קליין וואַרג דער נאָך האָט ער שוין אָהן געהויבין צוא פאַשען די אָקסען: יעם איז גיקומען און איין צייט אַרים דאָס יונגעל פאַשעט דיא אָקסען. און האָט זיך נדאַרפט צי קרוגען מיט איין אַנדער פויער'ס קינד האָט יענער אים אויס גישאָרפין און זאגט אים דו ביסט איין יוד (זיד) דאָס יונגעל קומט אַהיים. און זעצט זיך

אַנידער און דרויסען און וויינט. דיא מאַמע דיא פּייערטי רופט אים אַריין און זאָגט זינאָ קום עסין ער וויל ניט גיין. בקיצור דער פאָטער איוואַן איז גיקומען אַהיים פרעגט ער אים וואָס וויינסטו. זאָגט ער. דער און דער האָט אים גיזאָגט אַז ער איז איין יוד. דער איוואַן זאָגט אים הער ניט וואָס ער זאָגט. דיא ביסט מיין קינד און איך בין דיין טאַטע. און דאָס איז דיין מאַמע. ער איז גיגאַנגין עסן. און אַצייט אַרום צו קריגט ער זיך ווייטער מיט איין פסטאַך. וואַרפט ער אים אויך אויס דוא ביסט איין יוד איין סימן דוא ביסט גימלית. דאָס יונגעל קוקט זיך צו. זעהט ער אַז ער איז טאַקע גימלית. איז ער גיקומען אַהיים און האָט זיך גוט צו וויינט ניט אַנדערש זאָגט מיר כאַר וואָס ביי קיין שום פויער איז ניט אַזוי וויא ביי מיר. אַסך צו ריידען פאַסט ניט. דער איוואַן האָט דער זעהן אַז עס ציהט אים צו זיין שורש. זאָגט דער איוואַן צו אים. שאַ מיין קינד איך וועל דיר זאָגין דעם אמת. נאָר זאָלסט קיינעם ניט דער ציילען. אמת דוא ביסט איין יוד. און קומסט אַרוים פון יודען. נאָר וואָס מיט דיר איז דיא מעשה קאָן איך דיר ניט דער ציילען מחמת דוא ביסט ביי מיר. נאָר איך וועל שוין זעהן ביי טראַכטין אַז דוא זאָלסט זיין איין יוד. אַזוי וויא דיין טאַטין מאַמע. און איז אַרובער גיגאַנגין צום שרה און זאָגט אים אַזוי. ליבער שרה איך האָב צו גינומען דאָס יונגעל. איך האָב גימיינט אַז איך וועל פון אים האָבען איין פאָמאָטש. נאָר ווי איך זעה איז אמת וואָס לייט זאָגען חאָראָוועץ אַוואָלף און ער קוקט און וואַלד אַריין.

אזוי

אַזוי איז דאָס מען האָט אים גיזאָגט אַז ער איז אַיוד ליִנט אים שוין דאָס און קאָפּ. על כן נעם דיר אים צו און ער זאָל זיין בּײַא דיר איין לײַב דינער ער זאָל דיר פיצען דיא שטיוויל אויך דיינע מלבושים און ער וועט תמיד זיין לעבין דיר. וועט ער זיך ניט קרונגען מיט קיינעם. און איטליכער וועט מורא האָבין אים צו זאָגען יוד. ביז ער וועט פאַר געסען וואָס מען האָט אים גיזאָגט יוד. דעם שררה איז דאָס געפעלען וואָס איוואַן האָט אים גיזאָגט און האָט צו גינומען בײַא אים דאָס יונגעל און ער איז גיוואָרין בײַא איהם זיינם אַלײַב קנעכט. און ער האָט אים אָפּ גינעבן זיין אַרבּיט צו פיצען דיא שטיוועל אויך אַלע מלבושים אַלע נאַכט אַזוי און דער פריא זאָלען זייא שוין זיין גיפוצט בשעת אַז דאָס יונגעל דאָס קנעכטיל איז אַוועק גיגאַנגען פון איוואַנין. האָט ער אים אַזוי אָהן גיזאָגט. דו זײַ און הויף ביז איך וועל דיך הייסין קומען צו גיין וועט זיין רעכט. דאָס קנעכטיל איז אַוועק גיוועזן און הויף איין ערך איין האַלב יאָהר. דער איוואַן זאָגט צו אים הײַנט אויף דער נאַכט זאָלסטו דעם שררה אום פוצען אַלע זאַכען. און אַז ער וועט זיך שוין לייגען שלאָפען זאָלסטו קומען צו מיר. וועט שוין רעגט זיין:

אַיין אזוי איז גיוועזן. עס איז גיקומען דיא נאַכט דאָס יונגעל דער לײַב קנעכט האָט דעם שררה אויס גיטאָן דיא שטיוויל אויך אַלע מלבושים. און דער שררה האָט זיך גילייגט שלאָפען ער האָט גינומען אַלע זײַנע זאַכען און איבּער גיפוצט און האָט זייא אַנידער גילייגט אויף זיין טישל וואָס לעבען זיין בעט איז גישטאַנען.

און אַרום האַלבּע נאַכט איז ער אַוועק גיגאַנגין צו איוואַנין. בײַא דעם איוואַן איז שוין גיוועזן גישפּאַנט דיא פיר גרייט פון תחילת הלילה וויא דאָס יונגילע איז גיקומען צו גיין. האָט ער אים אַרוף גיחאַפּט אויף דעם וואָגין און איז מיט אים אַוועק אויך איבּער דער גרעניץ און ער האָט אים דער ציילט אַז ער האָט זיין פאָטער און מוטער אויך אַרוים גיגנבית פון דעם גרוב און האָט זייא דעם גרעניץ אַריבּער גפורט. האָט ער אים צו גיפירט צו איין שטעטיל. און זאָגט אים אָהן אַז דוא זאָלסט אַרײַן גיין צו איין יודען. און זאָלסט אים זאָגין אַז דוא ביסט אַיוד אַסימן איך בין גימלית. און נאַדיר צווייא קערבּליך מען זאָל דיר קויפען יודעשע קליידער און מען זאָל דיך אַוועק שיקען ווײַטער. בקיצור טען האָט אים גישיקט פון שטאָט צו שטאָט ביז ער איז אָהן גיקומען קיין זלאָטשיב צו הרב הצדיק יחיאל מיכל זללה"ה. דער צדיק האָט דאָס יונגעל דער זעהן איז ער אים זייער גיפעלין און האָט אים אָפּ גינעבען צו איין מלמד. דער מלמד האָט אָהן גיהויבין מיט אים צו לערנין. ער האָט גילערנט ערך דרײַא יאָהר ער איז גיוואָרין איין למדן וואָס דיא שאָט האָט מיט אים גיקלינגען. דאָס יונגעל איז חשוב גיוועזן בײַא דעם רבי ר' מיכל ז"ל אַזוי וויא דאָס שוואַרצע אַפּעל פון אויג און ער האָט פון זײַניט וועגין צו גיקליבען מלמדים חריפים ובקיאים עס האָט אים גיקאָסט אַסאַך דיא מלמדים ער איז אַלט גיוואָרין דרײַצעהן יאהר ער דאַרף שוין ווערין בר מצוה. דערצמאָלט איז ער שוין קלאָר גיוועזן און ש"ס בבלי. ירושלמי. ספרא ספרי. תוספתא.

מכילתא. דער רבי הקדוש האָט
גימאַכט איין גרויסע סעודה. אונ דאָס
יונגעל האָט גזאָגט אַחילוק, עס האָט
גיבראָכען מוחות. ער האָט אָבער
נאָך גידאַרפֿט לערנין אַזוי אַלערגעלכין
וואָס ער מיז האָבין איין רבי. האָט
אים דער היילינגער צדיק גישיקט קיין
בראָד. אונ מען האָט גיבראַכט איין
מלמד איין גרויסען חריף. אונ האָט
מיט אים נאָך גילערינט איין יאָהר.
אַז ער איז אַלט גיוואָרין פופצעהן
יאָהר האָט דער היילינגער צדיק אָהן
גיהויבען אַליין מיט אים צו לערנין
קבלה ספרים ווייל זיין מוח איז גיוועזען
זעהר גרויס. האָט ער דיא חכמה
גיקענט גיוועזען וויא איינער פון דיא
אַלטע מקובלים. האָט דער צדיק מיט
אים עוסק גיוועזען צווייא יאָהר אונ
קבלה. אַז ער איז שוין אַלט גיוואָרין
זיבצעהן יאָר. האָט אים דער רבי
אַריין גרופֿין אונ זאָגט אַזו ווי דו ביסט
שוין זיבצעהן יאָהר אונ דיא משנה
זאָגט. בן שמונה עשרה לחופה. איין
גאָון ביסטו אונ נגלה אויך אונ נסתר
נאָר אַזוי וויא דו האָסט אַצייט יאָרען
גינעסין טריפות. ע"כ דאַרפסטו דאָס
יאָהר פֿראַווין גלות. דו זאָלסט גיין
אַגאַנץ יאָר. וויא דו ווערסט טאָגען
זאָלסטו ניט נעכטיגען אונ וויא דיא
ווערסט נעכטיגען זאָלסטו ניט טאָגען.
דעם בחור האָט זיך בוודאי ניט גיגלוסט
אַוועק פון דעם צדיק. אונ ווידער
ער ווייסט גאָר ניט וויא צו גיין.
ער איז קיין מאָל ניט גיפאָרין. אונ
כפֿרט גיין צו פוס. נאָר וואָס זאָל
ער טאָהן אַז דער רבי הייסט אַזוי.
אויף איין טאָג האָט דער רבי גימאַכט
איין סעודה. אונ האָט צו נויף
גרופין אַלע פֿאָרנעמסטע מענטשין.
אונ דער בחור האָט גיזאָגט תורה
אונ נגלה אונ נסתר. דער צדיק האָט
זיך מחייה גיוועזען אַז ער האָט מעמיד
גיוועזען פון אַזוי איינגיל אַ גרויסין
למדן דער בחור האָט זיך מיט אַלע
אָפּ גזעגינט. אונ דער רבי האָט
אים אויס גיקלייד. אונ האָט אים
גימאַכט כלי גולה. אונ האָט זיך
אָנגעהויבין מיט אים גזעגינען. אונ
זאָגט אים אָהן. אַז ער וועט אַרויס
גיין פון שטאָט זאָל ער גיין קיין
מזרח זייט דאָס גאַנצע יאָהר וואָס ער
וועט גיין זאָל ער אַלץ גיין קיין מזרח
זייט אונ וויא ער וועט טאָגען זאָל
ער ניט נעכטיגען. דעם גאַנצין וועג
פון אַגאַנץ יאָהר. זאָל ער ניט ווייזען
זיך אַז ער קאָן עפּיס לערנין. נאָר
דאָס זאָלסטו האָבין דעם סימן אַז עס
איז אויס גיגאַנגין שוין דאָס יאָהר. אַז
דו ווערסט קומען אונ איין אורט אַריין
אונ מען וועט דיך בעטין אַז דיא
זאָלסט דאָרטין בלייבין. אונ אֶפשר
וועט מען דיר דאָרטין וועלין געבין
אַווייב. זאָלסטו צו שטיין אונ דאָרטין
בלייבין. אונ האָט אָהן גישריבען
איין קוויטיל. אונ האָט אים אַריין
גילייגט אונ כנפה פון דיא ציצית
אונ האָט אים אַליין פאַר נייט. אונ
האָט אים אָהן גיזאָגט. אַז דאָרטין
וויא דיא ווערסט התונה האָבין זאָלסטו
קודם החופה נעמין יענעם רב. אונ
דיא אונטער פירערס. אונ זאָלין אויף
טרענין דיא כנפה אונ איבער לייענין
דאָס קוויטל. אונ גיזעגינט זיך שוין
מיט אים אָפּ. אונ דער היילינגער
צדיק האָט אים מיט מענטשין אַרויס
באַלייט ביז אונ דער בראָם אונ האָט
אים גיבענשט. אונ ער איז אַוועק
גיגאַנגין זיין וועג. אונ דער צדיק
מיט דיא מענטשין האָבין זיך אומגקערט
אונ שטאָט אַריין, דער בחור איז

גיגאַנגין

נאַנגין איבער דעם וועג. אונ האט זיער ניט גיוויינט אונ פלעגט אַלע טאג זאגין על חטא ווײַל ער איז אַצײַט גיוועזן צווישען פוערין אונ האט גיגעסין טריפות. ער איז אַזוי גיגאַנגין וויא דער צדיק האט אים אהן גיזאגט. אונ וויא ער האט גיטאָגט האט ער ניט גינעכטיגט. דעם גאַנצין וועג האט ער זיך ניט גיוויזען אַז ער קאן לערנין וויא איין פראסטער מענטש. אונ אַזוי איז ער גיגאַנגין איין גאַנץ יאהר: אונ אַז עס איז גיקומען דיא צײַט אַז ער האָט גידאַרפט ווערין שוין אַכציהן יאָהר. אונ דיא צײַט איז גיוועזן אום ווינטער איז ער אָהן גיקומען אונ איין דאָרף אויף דער נאַכט וואָס דאָרטין איז גיזעסין איין רענדאַר אַרײַכער אונ איין ערליכער יוד, אונ האָט גיהאַט שיינע קינדער וועלכע זייא האָבין גיקאָנט לערנין אונ זענין גיזעסין אונ האָבין גלערינט טאָג אונ נאַכט. דער בחור איז אַרײַן גיקומען אונ דער קרעטשמע נעבעך זייער פאַר פרוירען. עס איז אָבער גיוועזן אַפולע קרעטשמע מיט פוערין זאָגט דער רענדאַר יונגער מאַן געה זייא מוחל אויף דעם אונטערשטין טויער איז דארטין דא איין שטוביל דארטין זיצען מײַנע קינדער אונ לערנין. אונ דאָרטין איז גאַנץ וואַרים וועסטו זיך דאָרטין אָפ רוען אונ גיט אוים וואַרעמין. דער בחור איז גיגאַנגין אונ שטיביל אַרײַן ער קומט אַרײַן זעהט ער אַז עס איז זייער שיין אונ וואַרעם. אַשאַפע מיט ספרים שטייט. אונ צווייא יונגע לײַט זיצען אונ לערנין זעהר נישמאַק זייא האָבין גאָר ניט איין גיזעהן וויא ער איז אַרײַן גינאַנגין. ער האָט זיך גיזעצט לעבין דעם רבי. ער האָט זיך מחיה

גיוועזן. אונ ווײַל ער איז גיוועזן זעהר מיד האָט ער זיך אויף דער באַנק צו גילייגט. וויא ער ליגט אַזוי הערט ער וויא זייא זענין זיך מפלפל אונ אַשטיקיל גמרא. אָבער זייא קאָנען ביידע ניט. האָט ער זיך שוין ניט גיקאָנט איין האַלטען. אונ זאָגט אזוי גיוואַלד וואָס רעט איר. איר זענט אַראָפ גיקראָכין פון דעם אֶמתין פשט דריבער קאָנט איר ניט. זייא האָבין דער הערט איז בײַא זייא אונ האַרצין גיוועזן איין גילעכטער אַפוּם גייער זאָגט אַז זייא קאָנען ניט זייא גיבין אים שלום. אונ זאָגין אים אַדרבא זאָג דוא דעם פשט. ער האָט זייא גיזאָגט האָבין זייא מודה גיוועזן אַז דער אֶמת איז אַזוי. עס איז גיקומין דיא צײַט פון וועטשירע איז אַרײַן גיקומען דער משרת רופין זייא עסין האָבין זייא דעם בחור אויך גירופין עסין מען האָט אים מכבד גיוועזן מיט אַטרונק ברוינפען. דיא יונגע לײַט האָבין זיך מיישב גיוועזן אונ זאָגין דעם פאָטער אַזוי וויא דער בחור איז נעביך אָפ גיריסין אונ עס איז היינט ווינטער. טאָמער וואָלט מען אים איין גיבעטין אַז ער זאָל לערנין מיט אונזער קליין ברודעריל. דאַרף ער לערנין אונ שטאָט אונ זאָל נעבעך לעבען אונ דחקות בײַא דעם מלמד זאָג אים צו עטליכע קערבליך. אונ אַז ער וועט לערנען מיט אים צווייא שעה אונ טאָג איז בעסער וויא דער מלמד וועט מיט אים לערנען אַגאַנצען טאָג. דעם פאָטער איז דיא זאַך זעהר גיפעלין. ער בעט דעם בחור אונ רעט אים איין דאַרפסטו זיך שלעפען אויף דער וועלט אונ אום ווינטער. בלײַב בײַא מיר וועסטו לערנען מיט מײַן קינד. אונ איך וועל דיר ערליך באַצאָלען

באַצאָלען . דער בחור האָט זיך דער מאַנט אַז דער רבי האָט אים גיזאָגט יאָרטען וויא מען וועט אים בעטען זאָל ער בלייבען . דרום איז ער מרוצה גיוואָרען ער זאָל לערנען מיט דעם קליינעם יונגיל . דער פאָטער איז אונ דער פרוי גיגאַנגין אונ שטאָט אַריין אונ האָט דעם מלמד גשענקט עפּיס אונ האָט דאָס יונגעל אָפּ גיגומען אַהיים אונ ער האָט מיט אים אָנגיהויבען צו לערנען וויא יונגע לייט האָבען דער הערט וויא אַזוי ער לערינט מיט דעם יונגעל האָבען זייא גיקוואָלען . אויף דער אַנדערע נאַכט זיצט דער בחור בייא דעם אויבען אונ וואַרימט זיך . אונ דיא יונגע לייט האָבען זיך גיזעצט לערנין פוסק . יורה דעה אָדער ש"ך . אונ הערט אוסען ווייניג וויא זייא זענין גיקומען אויף איין אָרט אונ האָבען זיך פאַר האַקט אויך מחמת זייא האָבען שלעכט גילערינט דעם פשט איז זייא קשה גיוואָרען קשיות דער זאָגט אַזו אונ דער ענטפערט אַזוי אונ עס איז פאָרט ניט גוט . אונ ער הערט אַלץ . ער קאָן ניט אויס ליידען אונ זאָגט צוא זייא אוי בלאָזעט איר אָבער נאָר מיאוס . דער פשט איז אַזוי אונ אַזוי . דיא האָבען דער הערט וואָס ער זאָגט זייא האָבען זייא אים גיבעטען אדרבא זאָג דיא וויא אַזוי איז דער פשט . ער איז אַפילו ניט צוא גיגאַנגען צום טיש . אונ האָט זייא אויסוויינינג גיזאָגט . זייא האָבען דער הערט . אַז ער איז אונ פוסק אויך קלאָר . האָבען זייא אים צוא דער וועטשירע נאָך שענער מכבד גיוועזען וואָרום זייא האָבען פאַר שטאַנען אַז ער קאָן אַסאַך בעסער לערנען פון זייא אונ זייא ווייסען נאָך גאָר ניט וואָס לערנען באַטייט . זייא זאָגען דעם פאָטער שטילערהייט דוא זאָלסט וויסען אַז ער קאָן אַסאַך בעסער לערנען פון אונז . ער איז קלאָר אונ פוסק אויסווייניג . לכן זאָלסטו בייא דער וועטשירע מיט אים רעדען אַז ער זאָל מיט אונז לערנין בתורת חבר אונ דער פאַר וועסטו אים געבען דרייסיג קערבליך . אונ אונזער קליין ברודעריל וועסטו אָפּ פירען אונ שטאָט אַריין . אַזוי איז גיוועזען דער רונדאַר האָט בייא דער וועטשירע אָהן גהויבען צו ריידען מיט דעם בחור . אונ זאָגט אַז גאָט האָט מיר צו גישיקט אַזוי איונגען מאַן וואָס קאָן מיט מיינע קינדער לערנען בתורת חבר . איז פאַר דיר אויך גלייבער דוא זאָלסט בלייבען בייא מיר דוא וועסט בלייבען בייא לערנען . אונ מיינע קינדער וועט אויך זיין אַטובה אונ דער פאַר גיב איך דיר דרייסיג קערבליך ביז אונ דעם סוף זמן אונ עסין אונ טרונקען אוף דעם שענסטען אופן מיט איין שיינע קאַפּאָטע אַז עס זאָל זיין שיין פאַר מיר מיט מיינע קינדער . דער בחור הערט דאָס . ער איז מרוצה גיוואָרען ווער צו אויך מען האָט אים תיכף אָה גיטאָהן שיינע קליידער . אונ זייא לערנען שוין אונ איינעם בתורת חבר . אונ דאָס קליינע יונגעל האָט דער פאָטער אָפּ גיפירט אונ שטאָט אַריין צו דעם איינינעם מלמד . אַז דער בחור האָט אָהן גיהויבען מיט זייא צו לערנען האָבען זייא קלאָר אַרום גיזעהן אַז ביז אַהער האָבין זייא גאָר ניט גיוויסט וואָס לערנין איז . ער האָט זייא אויף גיעפינט דיא אויגען מיט דעם שכל . זייא גייען צום פאָטער אונ דאַנקען דעם פאָטער פאַר וואָס ער האָט זייא גיגעבין אַזוי אַ חבר . זייא האָבין אָפּ גילערינט דיא גאַנצע וואָך

זאַך . עֶס איז גיקומען פרײַטיג נאָך האַלבין טאָג . זענין דיא יונגע לײַט גיפֿאָרין אונ מרחץ אונ שטאָט אַרײַן זײַא האָבין דעם בחור אויך גיבעטין ער זאָל מיט זײַא פֿאָרין אָבער ער האָט ניט גיוואָלט . אויף דעם אַנדערין פרײַטיג זענין זײַא אויך גיפֿאָרין אונ שטאָט אַרײַן פרעגט ער דיא יונגי לײַט אַײער רב פֿון שטאָט קאָן עפּיס לערנין . זאָגין זײַא מסתמא אַז ער איז אײַן רב קאָן ער בוודאי לערנין . זאָגט ער איך וועל מאַכין אײַן פרוב . אונ האָט גינומען דעם יורה דעה אונ האָט מיט זײַא גילערינט דיא זאַך . אונ האָט גיוויזען אײַן דער ווידער פֿון אײַן שטיקעל ש״ך אויף דעם אַנדערין . אונ דאָס זאָלט איר ווײַזען דעם רב . נאָר ער וועט אײַך בוודאי ענטפֿערין אַזוי אַ תירוץ . זאָלט איר אים אַזוי אָפּ פרעגין . וועט ער אײַך אַזוי ענטפֿערין זאָלט איר אים אַזוי אָפּ פרעגין . אונ אַז ער וועט שוין קײַן אַנדערין תירוץ ניט האָבין . זאָלט איר אים זאָגין דעם תירוץ אַזוי . אונ האָט זײַא ניט קלאָר גימאַכט אַז זײַא זאָלין ניט בלײַבין אונ מיטין שטײַן :

אַזוי איז גיוועזן זײַא זענין אַוועק גיפֿאָרין אונ שטאָט אַרײַן אונ מרחץ אונ זענין אַרײַן גיגאַנגין צום רב דער רב האָט דער זעהן דיא יונגע לײַט האָט ער זײַא גאַנץ שײַן צו גינומען . אײַנם מחמת זײַער פֿאָטער איז אַגרויסער נגיד . צווײַטענס זײַא זענין אַלײַן שײַנע יונגע לײַט . וּבפרט זײַא זיצען אונ לערנין טאָג אונ נאַכט . דער רב האָט זײַא מכבד גיוועזן מיט משקה אונ פֿאַר בײַסין . דער נאָך זאָגין דיא יונגע לײַט צום רב . רבי מיר האָבין אײַך עטוואָס צו פֿרעגין אונ יורה דעה זאָגט ער פרעגט קינדערליך . זײַא האָבין אים גיוויזען אונ האָבין אים גיפֿרעגט דעם ווידער אַנאַנד . ער האָט גיקלערט אונ דער זאַך אונ-ענטפֿערט זײַא אַתירוץ אַזוי ווי דער בחור האָט אונ דער הײַם גיזאָגט . האָבין זײַא אים אָפּ גיפרעגט . האָט ער זיך גימוטשעט . אונ האָט אַנדערש פֿאַר ענטפֿערט . האָבין זײַא אים ווײַטער אָפּ גיפרעגט . ער האָט שוין קײַן אַנדערין תירוץ ניט גיהאַט . זאָגט דער רבי אֶפּשר האָט איר עפּיס אײַן תירוץ . זאָגין זײַא אונז דאַכט זיך אַז אַזוי איז דער פּשט אונ האָבין אים גיזאָגט . דער רב האָט דער הערט דעם תירוץ . זאָגט ער זײַא קינ־ערליך איך קאָן אײַך גאַנץ גיט , איך פֿאַר שטײַא אַז דיא קשיא איז ניט אײַער . אונ דער תירוץ איז בוודאי ניט אײַער . לכן בעט איך אײַך איר זאָלט מיר זאָגין וועמעס שכל איז דרונגען אַזוי צו פרעגין אונ אַזוי צו פֿאַר ענטפֿערין אונ ווער איז דער מענטש . זײַא האָבין אים ניט גיוואָלט זאָגין מחמת זײַא האָבין פֿאַר אים מורא גיהאַט טאָמער וועט ער זיך בײַזערין . דער רב האָט אויף זײַא גוזר גיוועזן בגזירת הרב זײַא האָבין אים גימוזט זאָגין . האָבין זײַא אים דער צײַלט אַז עֶס איז צו זײַא גיקומען אײַן אָרומער בחור . אונ זײַא האָבין אונ אים דער שמעקט אַז ער קאָן ניט לערנין האָבין זײַא אים פֿאַר האַלטען בײַא זיך אַז ער זאָל לערנין מיט זײַא בתורת חבר . האָט ער אינז אוים גילערינט וויא אַזוי צו פרעגין . אונ וואָס צו ענטפֿערין , אונ וויא אַזוי דער אמת׳ער פּשט איז . אַז דער רב האָט דאָס דער הערט האָט ער זײַא גיבעטין אַז איבער אַכט טאָג פרײַטיג זאָלין זײַא אים ברענגין

אונ

אונ שטאָט אַרײַן . עֶר ווִיל מִיט
אִיבּ איבּעֶר רײַדעֶן אונ תרומות
ומעשרות וועֶלכעֶם עֶס אִיז אִים קשה
אונ עֶר האָט ניט מיט קײנעֶם דיא
זאַך איבּעֶר צו רײדין . אונ וועֶדלוג
עֶר פאַר שטײט איז עֶר אײן שטאַרקעֶר
חריף ובקי . וועֶט עֶר מיט אים דיא
זאַך רײדין . דיא יונגעֶ לײַט האבּין
אים צו גיזאָגט אַז זײא זאלין אים
ברעֶנגין אונ שטאט אַרײַן . דיא יונגעֶ
לײַט זעֶנין גיקומעֶן אַהײם פון מרחץ.
ווײא האבּין אים דעֶר צײלט אַז עֶר
האט אַקוראַט גיעֶנטפעֶרט אַזוי וויא
עֶר האָט גיזאָגט . אונ דעֶר נאָך האָבּין
ווײא אִים גיזאָגט זײעֶר תירוץ איז אים
זײעֶר גיפעֶלין . אונ עֶר האָט אויף
אינז גוזר גיוועֶן בגזירת הרב אַז מיר
זאָלין אים זאָגין . וועֶר איז דעֶר
מעֶנטש וואָס האָט אַזוי אַמוח אַזוי
צו פרעֶגין . אונ אַזוי צו עֶנטפעֶרין .
האָבּין מיר גימוזט זאָגין . האָט עֶר
גיבּעֶטין אַז איר זאָלט אַנדעֶרש ניט
טאָן נאָר איר זאָלט פרײַטיג קומעֶן
מיט אונז צו פאָרין אונ שטאָט אַרײַן
עֶר וויל מיט אײַך איבּעֶר רײדין אונ
לעֶרנין וועֶלכעֶס עֶר קאָן מִיט אַנאַנדעֶרין
ניט רײדין . עֶנטפעֶרט דעֶר בחור
איך וועֶל אים צו ליבּ טאָן
אונ וועֶל אי"ה פרײַטיג פאָרעֶן .
עֶס איז גיקומין פרײַטאָג זאָגין דיא
יונגעֶ לײַט צום פאָטעֶר אַזוי וויא
דעֶר רב האָט גיבּעֶטעֶן אַז מיר זאָלין
ברעֶנגעֶן דעֶם בחור צו אים אונ דעֶר
צײלעֶן אים אַז דאָס וואָס עֶר האָט
גיפרעֶגט האָט דעֶר רב ניט גיוויסט
על כן ווילעֶן מיר אויך פאָרעֶן מיט
אים לאָמעֶר העֶרין וואָס דאָרטעֶן וועֶט
זײַן . לכן זאָלסטו אונז הײסעֶן אײן
שפאַנעֶן דיא גרויסעֶ קאַריטעֶ מיט
דרײַא פעֶרד אַזוי וויא אונז שטײט

אָהן . דעֶר רעֶנדאַר האָט באַלד גישאַפט
מעֶן זאָל שפאַנעֶן דיא קאַריטעֶ מיט
דרײַא פעֶרד אונ זעֶנין אַוועֶק גיפאָרעֶן
זײא זעֶנין גיקומעֶן אונ שטאָט אַרײַן
זעֶנין זײא פאַר פאָרעֶן גלײַך צום רב .
דעֶר רב גיט אים שלום אונ רעֶט מיט
אים זײַנעֶ שאלות וואָס עֶר האָט גיהאַט
צו רײדעֶן דעֶר פאַר עֶנטפעֶרט עֶר
אים יעֶדעֶר זאַך אונ ווײַזט אים אויס
אונ ספרים אַז דעֶר אֶמת איז אַזוי ;
דעֶר רב איז גיבּליבּעֶן זיצעֶן . עֶר
ווינדעֶרט זיך וויא האָט זיך
גינומעֶן צו אַמעֶנטש אַזאַ מוח . אונ
אַזאַ קלאָרעֶן שכל דעֶר ווײַל גײט דעֶר
בחור צו צו דעֶר שאַפעֶ פון ספרים
אונ דעֶר זעֶהט קבלה ספרים . פרעֶגט
עֶר דעֶם רב . איר האָט עֶפּים אײן
ידיעה אונ קבלה ספרים זאָגט עֶר
אַבּיסעֶל . עֶר טוט אים אונ דעֶם כפר
וואָס עֶר האָט אַרויס גינומעֶן פון דעֶר
שאַפעֶ אַפרעֶג אַזאַך עֶר זאָגט אָבּעֶר
ניט אֶמת . האָט דעֶר בחור אים גיזאָגט
האָט עֶר גיוויסט אונ דעֶם לעֶרנעֶן
פון קבלה אַזוי וויא אַגרויסעֶר מקובל
דעֶר, רב קוקט אים אָהן . וויא האָט
זיך גינומעֶן צו אײן מעֶנטשעֶן אַזאַ
קאָפ אונ נגלה אויך אונ נסתר . דיא
יונגעֶ לײַט זיצעֶן אונ העֶרין וויא דעֶר
בחור לעֶרנט סײַא אונ נגלה סײַא אונ
נסתר . וויא זײא רײדעֶן אַזוי . איז
דעֶר רב אַרויס גיגאַנגין פון דעֶר
סאַלעֶ אונ אײן אַנדעֶרין נומעֶר אַרײַן
אונ האָט זיך ניט פיל גיזאָמט אונ
איז אַרײַן גיקומעֶן . דעֶר רב אַלײן איז
אויך גיוועֶן אײן גביר . אונ האָט מײן
ניט גיהאַט נאָר אײן בת יחידה . אונ
זיא איז גיוועֶן אײן שײנעֶר פאַרשוין
אונ אַגילעֶרעֶנטעֶ . וויא זײא זיצעֶן
קומט אַרײַן צו זײ דיא בת יחידה
אויס גיצירט מיט אַלעֶ תכשיטים

אונ

אונ טראָגט אַריין משקה מיט פאַר ביסען. דיא יונגע לייט איז קשה געוואָרען וויא קומט דאָס אַז אַבתולה זאָל זיך אויס צירען איידער מען פאַר רוקט צאָלענט. וויא האָבען צו געשוויגען. אונ זענען אַהיים געפאָרען דיא יונגע לייט דער ציילען דעם פאָטער דיא גאַנצע מעשה וויא אַזוי ער איז איין גאון אונ נגלה אויך אונ נסתר. אונ זאָגען דעם פאָטער אונז געפעלט אַז דאָס וואָס דיא בתולה דעם רב'ס האָט זיך אַזוי פרוי אויס געצירט. איז ניט אַנדערש דער רב וויל איהם בוודאי נעמען פאַר איין איידעם. על כן איז אונזער דעה. אַזוי וויא מיר האָבען איין שוועסטער אונ דיא איינינע יאָרען וואָס דעם רב'ס בתולה. אונ דיא קאָנסט איהם געבען גרן אַזוי וויא דער רב. על כן זאָל מען שבתות צו נאַכט מיט איהם רייערן אונ מען זאָל דאָס שוועסטירעל אויך שיין אויס צירען. אונ מען זאָל זעהן מיט איהם שרייבען תנאים. אונ דעם אַנדערען שבת זאָל זיין פאָר שפיל. כדי דער רב זאָל גאָר ניט וויסען. אונ עס זאָל ווערען פלוצלינג אַחתונה. דער פאָטער האָט דאָס דער הערט. זאָגט ער איהר זענט גירעכט דער רב מיינט בוודאי דאָס דאָזיגע. ער וויל איהם פאַר איין איידעם. אונ מען דאַרף דאָס מאַכען כדי ער זאָל זיין אַייער שוואָגער. וועט איהר אונ איינעם זיצען אונ לערנען וועט דאָס זיין בייא מיר זייער טייער אַז איהר וועט אַלע קאָנען לערנען. דער שבת איז געוועזען בייא זייא גירעכענט איין יאָהר. דער שבת ניט אַהעק מען האָט געמאַכט טייא אונ מען האָט זיך גיזעצט אַלע טרונקען. אונ דאָס שוועסטירעל האָט מען נאַכין שיין אויס גיפוצט. זאָגט דער פאָטער האָרך נאָר צו מיין קינד ווייסט וואָס איך וועל דיר זאָגען. איך וויל אַז דוא זאָלסט זיין מיין איידעם אונ דיא קינדערס איין שוואָגער כדי איהר זאָלט זיצען אונ איינעם אונ לערנין. אונ גרן אונ מלבושים איז קיין מניעה ניט וויפיל דוא וועסט זאָגין גיב איך דיר. אונ זעה דיא בתולה אַז זיא איז איין יפה אונ וועסט דיר זיין שוין אויף איין אָרט. אונ וועסט פאַר שפאָרען שוין אַנדערע זאַכען צו טראַכטען. דער בחור דער מאַנט זיך אונ דעם רבי'נס וואָרט אַז דאָרטין וויא מען וועט איהם בעטין פאַר איין איידעם זאָל ער וועלין ענטפערט דער בחור מן הסתם הייסט גאָט אַזוי לאָז זיין מיט מזל טוב. זייא האָבין גיגעבין זיך דיא הענט אונ מען האָט גיבראָכין ווייס געפעס אונ געשריבען תנאים. אונ מענטשין וואָס זענין געוועזען נאָך אונ דאָרף האָבין זיך נחתמנת אונ אויף דעם אַנדערין שבת זאָל זיין פאָר שפיל. קאָן מען אַליין פאַר שטיין וואָס איין שמחה עס איז געוואָרין אויף דער גאַנצער פאַמעליע. זינטאָג אונ דער פריא דער רענדאַר איז געפאָרין ניט אונ דער שטאָט וויא דער רב איז. נאָר אונ איין אַנדער שטאָט אונ האָט אָהן גינומען אונ קלייט אַלדעס גוטין וועגין דער כלה אויך וועגין דעם חתן. אונ מען האָט אָהן גיטרובען שניידערס. שוסטערס סאַרוועס. אונ אַלע זאַכען וואָס מען דאַרף צו איין חתונה. בכדי אַז עס זאָל זיין אויף שבת גרייט. פרייטיג בייא טאָג שיקט דער רענדאַר צווישען זיינע רענדאַרס. אונ מען האָט גיבראַכט טיידליך צו דער כלה אויף דעם פאָר שפיל. אונ אין דער שטאָט וויא דער רב איז גיוועזען ווייסט מען קיין שום זאַך

זאַך ניט וואָס דאָ טוט זיך. שבת איז געוועזן דאָס אויף רופֿין. און דער פּאָר שפּיל מיט גרויס אויף צוג. און מיט פיל פרייד. דינגסטיג שיקט דער רענדאַר אַריין פירען נאָך דעם רב און דיינים און נאָך אַלע פֿאַר עמססטע מענטשין. זייא זאָלין קומין אויף דעם חתן מאָל. דער רב האָט דער הערט אַז דער בחור איז געבליבין ביא דעם רענדאַר פאַר איין אידים האָט ער מיט דער רעביצען מיט דער בת יחידה אָהן געהויבין צו חלושען אַז מען האָט זייא קאָם דער מינטערט. נאָ זייא האָבין געזעהן אַז דיא יונגע לייט האָבין זייא דאָס אָפּ געטאָהן. דער וויל איז ער דאָך איין רב ער האָט מיט גענומען דאָס וויב מיט דער בת יחידה. און זענין געפאָרין און דאָרף אַריין. ווי דער רב איז געקומען זאָגט ער צום רענדאַר. גלויבט מיר אַז איר זאָלט ביא מיר צו נעמין מיין גאַנץ רייכקייט. וואָלט איך אייך אַזאַ שונא ניט געווען וויא דער פאַר וואָס איר האָט ביא מיר צו גענומען דעם חתן. דער רענדאַר שווייגט. אָבער און האַרץ איז אים גרויס פרייד. אַז ער האָט אַזאַ כלי דער טאַפּט און דער רב איז אויף זיך אַליין ברוגז פאַר וואָס האָט ער דעם שכל ניט געטאָן. אַז ער זאָל אים געוועזן בעטין אויף שבת צו זיך וואָלט ער געוועזן געשריבין מיט אים תנאים נאָר עס איז שוין פאַר פֿאַלין. על כל פנים מען האָט אָהן געהויבין צו מאַכין דעם חתן מאָל. זעצט זיך אַנידער דער רב און דיא דיינים. דער חתן הייבט אָהן זאָגין איין דרשה. אַז עס האָט געבראָכין מוחות. דיא דיינים זענין געבליבין פאַר ווּלט. זייא האָבין שוין ניט געוויסט וואָס ער זאָגט. נאָר דער רב האָט געהאַלטין מוח. ער האָט אַזויא אָוועק געזאָגט איין ערך אַפּאָר שעה. דער רב מיט דעם וויב מיט דער בת יחידה זייא גייען אויס פון דיא כוחות. מען האָט אָפּ געגעסין דעם חתן מאָל פרייליך מיט דער מאַזיקע. און דער פריא מען מאַכט ווייטער אַ סעודה אויף דעם העכסטין אויפן. זיינער צווייא האָט מען געמאַכט דעם באַ'עקינס. דער נאָך איז דער רב געגאַנגין צום חתן האָט דער חתן אָנגעהויבין צו זאָגין קבלה מענין החתונה אַז עס האָט אים געפלאַמט דאָס פנים וויא פייער ער האָט אַזוי אַריין גערעט אַז דער רב האָט שוין ניט פאַר שטאַנען. וואָס ער זאָגט מיין תורה ווערט דעם רב מיין לעכער און האַרצין. און קדרצען מען האָט זייא געפירט צו דער חופּה איז ערשט דער עולם פריילך געוואָרין נאָר אויף איין אַנדער אופן. מען האָט אָפּ געפאַרטיגט דיא סעודה עס איז געקומען צו דער דרשה געשאַנק דער חתן האָט געזאָגט זייער אַגוטע דרשה. בקיצור מען האָט געפירט חתן כלה ליגין דער חתן האָט זיך אָנגעהויבין אויס טוען האָט ער זיך דער מאַנט אַז דער רבי הצדיק האָט אים אַריינגעגייט און דער כנפה איין קוטיל און האָט אים אָנגעזאָגט אַז ער זאָל פאַר דער חופּה דאָס אַרויס נעמין. און ער האָט גאָר פאַר געסין. על כל פנים דער חתן טוט זיך איבער נעמען אָהן און איז תיכף אַריין געגאַנגין. דער פאָטער מיט דער משפּחה האָבין דאָס דער זעהן זענין זייא זייער דער שראָקין געוואָרין. אוי וואָס באַטייט דאָס. דער חתן איז צו געגאַנגין צום רב את זאָגט אים געמם מיט זיך דיא אונטער פירערס און קומט מיט

ביט מיר אַרײַן און זײַן באַזונדער הדר איך האָב אײַך עפּיס צו זאָגן. דער רב האָט באַלד גענומען דיא אונטערע פירערס און זענען נעגאַנגען און אײַן באַזונדער הדר. זאָגט דער חתן איך וואָלט וויסן אַז איך האָב עובר געווען אויף דעם רבינס אָהן זאָג. נאָר איך בין ניט שולדיג איך האָב נאָר פאַר געסן. על כל פנים ווײַזט ער זייא דיא כנפה און זאָגט אַז דאָ און דער כנפה ליגט אײַן קוויטיל וואָס דער רבי האָט מיר אַלײַן אַרײַן געלייגט אינ האָט מיר אָנגעזאָגט אַז דער רב פון דעם אָרט וויא איך וועל זײַן מיט דיזע אונטער פירערס זאָלען דאָס אַרויס נעמען פאַר דער חופה. דער רב נעמט דאָס פענטעסירעל און טרענט אויף דיא כנפה און נעמט אַרויס דאָס קוויטיל שטייט און קוויטיל דיזע ווערטער „איז דען רעכט אַז אײַן מענטש זאָל נעמען זײַן שוועסטער" דער רב מיט דיא אינטערע פירערס קוקן און קוויטיל אָבער זייא ווייסן קײַן טײַטש ניט וואָס ער האָט אָנגעשריבן. דאָס ווייסט איטליכער מענטש אַז זינט נאָך מתן תורה טאָר קײַן ברודער ניט נעמען קײַן שוועסטער זייא ווייסן ניט וואָס דאָס באַטײַט. דער ווײַל האָט געדויערט דיא קלעריכץ ערך אײַן פערטיל שעה. דער מחותן האָט דער זעהן אַז עס גדויערט זייער לאַנג האָט ער גענומען דיא קינדער און איז צו געגאַנגען צו דער טיר און האָט אַקלאַפּ געטאָהן און דער טיר מען האָט אים געעפינט. דער הערט דער פאָטער אַז עס איז דאָ עפּיס אײַן קוויטיל און קוויטיל שטייט דיזע ווערטער „איז דען רעכט אַז אײַן מענטש זאָל נעמען זײַן שוועסטער" און מען קלערט וואָס באַטײַט דאָס. רופט זיך אָהן דער פאָטער זאָג מיר מײַן קינד פון וואַנען קומסטו אַרויס נאָר דעם אמת. זאָגט דער חתן גלייבט מיר אַז איך ווייס ניט. נאָר דאָס געדענק איך אַז אַפּויער ער האָט געהייסן איוואַן האָט מיך נ' ווים גענומען פון אײַן גרוב בײַא דעם און דעם שררה און האָט מיר געגעבן עטליכע קערבליך און האָט מיך אַריבער געשטעלט איבער דער גרענעץ פון דעם שררה און מען האָט מיך אַזוי לאַנג געפירט ביז צום רבי הקדוש ר' יחיאל מיכל מזלאָטשוב און ער האָט מיך געמאַכט פאַר אײַן יוד. דער פאָטער און מוטער האָבן דאָס דערהערט איז זייא אַרײַן געקומען און שכל. אפשר איז דאָס זייער קינד וואָס זייא האָבן פאַר געסן און גרוב. רופט זיך אָהן דער פאָטער מײַן קינד דיא געדענקסט נאָך דאָס דאָרף פון דעם שררה. זאָגט ער יאָ. געדענקסט דיא בעלי בתים פון דאָרף זאָגט ער יאָ. האָט דער רענדאַר אָהן געהויבן אים צו רעכינען דיא נעמען פון דיא בעלי בתים. און דעם בעל הבית איוואַן און זאָגט אײַן סימן ער האָט קײַן קינדער ניט געהאַט און רעכינט אים דעם לאָקאַשען דעם שלעכטין. דער חתן האָט דאָס געהערט און שרײַט דער פאָטער און מוטער זענען אים אַרויף געפאַלין אויף דעם האַלדז און האָבן אים אָהן געהויבן צו קושין. דו ביסט אונזער זוהן. בקיצור. זייא האָבן זיך צו רעט. דער חתן זאָגט דעם סימן. דיא פאָטער און מוטער זאָגן דעם סימן. דער אמת איז אַז ער איז זייער קינד. הײַנט איז דער רענדאַר שוין זײַן פאָטער. און דיא קדושין זענען בטעות. זענען זייא ניט חל. דער רב האָט דאָס דער הערט.

זאָגט

זאָגט ער צו דעם פאָטער . נאָ היינט נעמט מיך פּאַר איין מחותן אז השי"ת האָט גיהאָלפין אַז הצדיק הקדוש האָט פאַר היט אַז ער זאָל ניט נכשל ווערין אונ עבירה כזו . איך גיב אייך דעם נדן ·וואָס איר האָט צו גיזאָגט אים · אונ לאָמער שטעלין איבער גיכעם אַחופּה כשירה למזל טוב . דיא פאָטער אונ מוטער האָבין ניט פיל ניטראַכט אונ מזל טוב · אונ מען האָט גישטעלט איין חופה מיט דעם רב'ס בת יחידה אונ זייא זענין גיוועזן נגידים ביז צייט זייער לעבין . השי"ת זאָל אויף אונז רחמנות האָבין אונ זאָל תמיד אָפּ היטין אַז מיר זאָלין חלילה ניט נכשל ווערין אונ קיין שום עבירה אונ מיר זאָלין זוכה זיין צו דער גאולה שלימה . אמן ;



## נאָך אַווינדערליכע מַעֲשֶׂה וואָס דער ריזינער האָט ערציילט .

דער הייליגער צדיק ר"י מריזין זצ"ל האָט אַמאָהל נאָך דערציילט דאָס גרויסקייט פון הייליגין אור החיים זצ"ל האָט ער דער ציילט דיזע מעשה : אונ דער מדינה וויא דער אור החיים הקדוש האָט גיוואונט האָט זיך דער קיסר פון דיא מדינה אַמאָהל מיישב גיוועזן אונ האָט פאַר זך גיהייסין ברענגען דיא מעטריקעס אונ דיא קאָנסקרפציע פון זיין גאַנצע מדינה . אונ גיזוכט ער זאָל זעהן ווער עס איז מיט·אים אונ איין טאָג גיבאָרין גיוואָרען אונ זאָל זעהן וואָס פאַר אַגישעפט דער מענטש האָט . האָט ער ניט מער גיטראָפין נאָר איינעם חיים דער זון פון עטר דאָס איז דער אור החיים הקדוש ער האָט גיוואונט אונ אַקליין שטעטיל נייט פון דעם קיסר האָט זיך דער קיסר אָנגיטאָן אונ צווילנע קליידער אונ איז גיפאָרין ביז אונ ·שטעטיל אַריין . וויא ער איז גיקומען אונ דעם · שטעטיל אַריין האָט ער זיך אָהן גיהויבין צו פרעגין וואו וואונט דאָ איינער חיים·דער זון פון עטר האָט מען אים גיוויזין דאָס ער זוצט אונ אַהינטער גאַס אונ אַצובראָכענע שטיבעל וויא דער קיסר איז אַריין גיקומען האָט ער אים ניט גיטראָפען אונ דער הייס האָט ער זיין וויב גיפרעגט וואו איז דיין מאַן האָט זיא גיזאָגט וואָס דאַרפט איר מיין מאַן ער איז אונ בית המדרש זאָגט דער קיסר ווידער צו איר וואָס וואָלט גיוועזן אַז דוא זאָלסט שיקין דיין מאַן רופען וואָרום איך דאַרף אים זייער נייטיג האָבין . זאָגט זיא חלילה ער וועט ניט גיין פון דעם בית המדרש אפילו דער קיסר אַליין זאָל נאָך אים קומען וואָרום ער זיצט דאָרטען דעם גאַנצין טאָג אונ לערינט אונ זאָגט תהלים האָט זיך דער קיסר אויף גיהויבין, אונ איז צו אים גיגאַנגען אונ בית המדרש אַריין . וויא ער איז גיקומען אונ בית המדרש האָט ער דעם אור החיים ניט גיטראָפען וואָרום ער איז אַרוים גיגאַנגען וויא דער קיסר איז אַריין גיקומען האָט ער גיפרעגט דיא מענטשין וואָס זענען גיוועזין אונ בית המדרש וועלכער צווישין אייך הייסט חיים דער זון פון עטר זאָגין זייא ער איז גיטאָ ער וועט באַלד אַריין קומען האָט זיך דער קיסר

רעדיוביל אַנידער גיזעצט. וויא דער
אור החיים הקדוש איז אַריין גיקומען
אונ האָט גיזאָגט דיא ברכה פון אשר
יצר וואָרט ביַיא וואָרט ביַיא דעם כיור
אונ איז צו גיגאַנגען צום טיש זיך
זעצין. האָט ער דער זעהן דעם קיסר
אונ דער קיסר האָט שוין פון אים אויך
ניט אראָפּ גילאָזט אַזויג האָט ער
גיזעהן דעם אור החיים עס איז
גיוואָרין פאַרב אונ זיין פנים אונ זאָגט
מיט גרוים יראה (ברוך שחלק מכבודו
לבשר ודם) גילויבט איז דער גאָט
וואָס האָט מיר צו גיטיילט דיא ברכה
אויך. איך האָב שוין כמעט אַלע
ברכות פון דער וועלט גימאַכט נאָר
דיא איינע ברכה נאָך ניט ביז היינטיגין
טאָג. זאָגט דער קיסר צו אים אַז
דוא האָסט דערקאָנט אונ מיר וואָס
איך בין. פאַרלאַנג איך פון דיר
זאָלסט מיר צו ליב טאָן אונ זאָלסט
מיט מיר גיין צו דיר אַהיים וויַיל איך
דאַרף עפּעס מיט דיר ריידין זאָגט דער
אור החיים איך וועל דיר צו ליב טאָן
אונ זענין גיגאַנגין ביידע וויא זייא
זענען אַריין גיקומען זאָגט צו אים
דער קיסר מיין ליבער פריינד איך
האָב נאָך גיזוכט אונ דיא מעטריקעס
וועד עס איז מיט מיר גיבאָרען גיוואָרען
אין איין טאָג האָב איך אונ מיין גאַנציין
לאַנד ניט גיטראָפען נאָר דיך בין איך
צו דיר גיפאָרין איך זאָל דיר בעטראַכטין
וואָס פאַר אַמענטש דוא ביסט. איצונד
האָב איך דיך צו פרעגין צוויא שאלות
וויא אַזוי האָסטו אונ מיר דערקאָנט
אַז איך בין דער קיסר צווייטע שאלה
אַז דוא ביזט מיט מיר אונ איין טאָג
אונ אין איין מזל גיבאָרען גיוואָרען פאַר
וואָס בין איך אקיסר אונ האָב פיל
גאָלד אונ זילבּער אונ דוא ביסט אַזוי
איין אָרימאַן זאָגט דער אור החיים
הקדוש דאָס וואָס דוא פרעגסט מיך
וויא אַזוי איך האָב דער קענט דאָס
דוא ביסט דער קיסר איך קאָן דיך
נאָך פון דער צייט וואָס מיר זענען
באַשאַפען גיוואָרען וואָרום מיר זענען
ניט נאָר אונ איין טאָג גיבאָרין נאָר
אונזערע מוטערס זענען אונ איין נאַכט
טראָגין גיוואָרען האָב איך דאַמאָלט
גיהערט וויא מען האָט אוים גירופען
אונ הימעל אַז דוא זאָלסט זיין קיסר
אונ דאָס וואָס דוא פרעגסט מיך פאַר
וואָס איך בין אַזוי אָרום זאָלסטו וויסין
איך בין רייך מיט דער תורה. אונ
דיא תורה וואָס גאָט ברוך הוא האָט
מיך גילאַרזעלינגט איז ביַיא מיר זייער
טייער:

דער נאָך זאָגט דער אור החיים אַז
איך האָב אַזוי איין ליבין גאַסט
אונ האָב דיא זכיה דאָס דו זאָלסט
זיין ביַיא מיר אונ מיין צובראָכענע
שטיבעל וואָלט איך דיר גערין מיט
עפּעס טראַקטירען. זאָגט דער קיסר
איך דאַנק דיר מיין ליבער פריינד
מיט וואָס קאָנסטו מיך טראַקטירין
זאָגט דער אור החיים איך וועל דיר
מיט אַוואונדערליכע זאַך טראַקטירין
אונ זאָגט צום קיסר גיב מיר נאָר
עטליכע קרייצער וועל איך שיקין קויפין
איין שפּינגעלע וועל איך דיר עפּעס
ווייזין האָט דער אור החיים גישיקט
קויפען אַ שפּיגעלע. וויא מען האָט
דאָס שפּיגעלע גיבראַכט זאָגט דער אור
החיים צום קיסר קוק נאָר אונ שפּיגעלע
אריין אונ זאָג מיר וואָס דוא זעסט
אונ אים האָט דער קיסר גיזאָגט איך
זעה אונ דעם שפּיגעלע אַלע פיר
טיילין וועלט זאָגט דער אור החיים
צו טייל אונ דיין מחשבה דיא פיר
טיילין וועלט אונ האָב אונ זינען אַז
דוא ווילסט נאָר זעהן דאָס טייל וואָס
דוי

ריין מלוכה איז האָט דער קיסר אַזוי גיטאָהן זאָגט דער אוה"ח וואָס זעהסטו איצונד זאָגט דער קיסר איך זעה דאָס טייל פון דיא פיר טיילין וועלט וואָס מיין מלוכה איז און אים זאָגט דער אוה"ח צו טייל ווידער דאָס טייל וואָס דוא זעהסט אויף פיר טייל מיט דיין מחשבה און האָב זינגען אַז זאָלסט נאָר זעהן דאָס טייל וואָס דיא מדינות פון דיין מלוכה זענען און דעם טייל האָט דער קיסר אַזוי גיטאָן. דער נאָך זאָגט דער אוה"ח צו טייל ווידער מיט דיין מחשבה און האָב זינגען אַז זאָלסט נאָר זעהן דאָס לאַנד וואָס דוא זיצט דרינען דער נאָך זאָגט דער אוה"ח צו טייל ווידער וואָס דוא זעהסט און שפּינדל אויף פיר טייל און האָב און זינגען אַז זאָלסט זעהן דאָס טייל וואָס דיין רעזידענץ שטאָט איז זאָגט ווידער דער אוה"ח צו טייל דיא רעזידענץ שטאָט אויף פיר טייל און זאָלסט און זינגען האָבין דאָס פערטיל וואָס דיין באָרג איז דעריין. דער נאָך זאָגט דער אוה"ח צו טייל דעם באָרג אויף פיר טייל און האָב און זינגען דיין פּאַלאַץ וואָס דוא באַוואונסט. דער נאָך זאָגט דער אוה"ח צו טייל דיין פּאַלאַץ אויף פיר טייל זאָלסט זעהן דיין שלאָף ציממער האָט ער אַזוי גיטאָן. פרעגט אים דער אוה"ח הקדוש וואָס זעהסטו זאָגט דער קיסר איך זעה מיין שלאָף צימער איז צו גימאַכט זאָגט דער אוה"ח שטרעק אויס דיין האַנד און מאַך אויף דיא טיר האָט דער קיסר אויס גישטרעקט דיא האַנד צום שפיגיל האָט ער גיזעהן וויא ער נעמט אָדן מיט זיין האַנד דיא קלאַמקע און האָט די טיר גיעפינט פרעגט אים דער אור החיים וואָס זעסטו איצונד זאָגט ער איך זעה וויא מיין

וועב זיצט אויף מיין בעט און אַנרויסער מיניסטער שטייט נעבין איר. זאָגט דער אור החיים הערסטו וויא זייא שמועסין זאָגט דער קיסר איך הער ניט זאָגט דער אור החיים צום קיסר בייג זיך צו וועסטו הערין וואָס זייא שמועסין. האָט זיך דער קיסר צו גיבויגין און האָט גיהערט וויא דער מיניסטער רעט צו איר זייער אונהעפליכע רייד און זיא זאָגט וויא קאָן איך דאָס טאָן איך זאָל פעלשין און מיין מאַן און דער מיניסטער רעט איר אַלעס איין און לאָזט איר כמעט ניט נאָך האָט דער קיסר אַלעס דעם אור החיים דערציילט. זאָגט דער אור החיים אצונד זאָלסטו אָהין לאדין דיין גיווער און זאָלסט צילין גלייך און אים. האט דער קיסר אַזוי גיטוהן און האָט אים אויס גישאָסין. אַצונד מיזין מיר באַקלערין דער קיסר האָט דעם מיניסטער גישאָסין ביים אור החיים און שטוב און דאָרטין איז דער מיניסטער פלוצלונג אַגידער גיפאַלין און איז גיבליבין טויט דיא קייזערין האָט ניט גיוואוסט וואָס דאָס איז. זיא האָט אים גיפּרובט רעטין מיט טראָפין און מיט דער קוויקיניש אָבער דער מיניסטער האָט דאָס נאָך ניט גיהערט האָט זיך דיא קייזערין גישעמט פאַר נאָך רייד ובפרט דער קיסר וועט אַהיים קומען און וועט הערין דאָס דער מיניסטער איז גיפאַלין און זיין שלאָף צימער האָט זיא אַריין גירופין איר קאַמער דינער און האָט אים בשוואָרין אַז ער וועט איין מענטשין דאַכטין וואָס דער מיניסטער איז גיפאַלין און קייזערס שלאָף צימער העגנט אים זיין לעבין אויף אַהאָר האָט דער קאַמער. דינער דעם מיניסטער גינומען און האָט אים אריין

אַרײַן גיטראָגין אונ קעלער אַרײַן אונ האָט אים צווישין דיא פעסער פאַר פאַקט אונ האָט אים מיט זאַמד צו גישאָטין אונ איז זיך גיגאַנגין זײַן וועג . אונ דער קיסר זעהט אונ הערט דיא אַלע גישעפטין דורך דעם שפּיגעלע אונ דער ציילט אַלעס דעם אור החיים אַצונד זאָגט דער אור החיים צום קיסר צו ברעך דאָס שפּיגעלע אויף קלײנע שטיקלאַך אונ זאָלסט קײנעם ניט דאַכטין פון דעם גאַנצען גישעפט יעצט פאָר אַהײם אונ זאָלסט מאַכען אַגרויסע סעודה אונ איך וועל אויך קומען אויף דער סעודה וועלין מיר ביים טיש איבער רײדין דעם גאַנצען גישעפט :

**וויא** דאָס גאַנצע מיניסטעריום זענין גיוואָרען פון דעם מיניסטער אַז זײא ווײסין ניט פון נעבטין אָהן וויא ער איז אַהין גיקומען איז מען צו לאָפין אונ אַלע גאַסין אונ אַלע פאָר שטעט זוכין אים אפשר וועלין זײא אים ערגעץ טרעפין טויטער הײט . האָט מען זיך אַרום גיאָגט עטליכע טעג אונ מען האָט ניט גיטראָפין האָט זיך אײן מיניסטער אָפּ נערופין נים אַנדערש יודין האָבין אים גיהרגית אונ האָבין זײַן פלײש גיגעבין דיא הינט אויף צו עסין וואָרים ווען ניט וואָלטין מיר איהם אפשר גיקאָנט טויטער הײט גיפינען וויא דער מיניסטער האָט דאָס גיזאָגט איז דאָס זײא גיפעלין פאַר אײן אמת אונ האָבין גינומען קלערין עפּיס אײן עצה האָבין זײא באַלד באַקומען צוועלף עדות וואָס האָבין גיזאָגט אַז זײא האָבין גיהערט אונ גיזעהן וויא דיא יודין האָבין דעם מיניסטער גיהרגית . דיא אַלע צוועלף עדות האָבין זיך ניחתמית . אויף דעם פראָטיקאָל

אונ דאָס מיניסטעריום האָבין אַרויס גיגעבין אײן פסק דאָס מען זאָל אַלע יודין פון דער שטאָט נעמין אויף אַגרויסין פלאַץ אונ מען זאָל זײא אַלע דיא אויגין צו בינדין אונ זאָלין גײן אײנער נאָך דעם אַנדערין אונ וועלכער יוד וועט זײַן דער דריטער זאָל מען אים הרגענען אונ דאָס פאַרמעגין זאָל מען אַוועק נעמין אונ מען זאָל צו טײלין האַלב אונ דיא אוצרות פון דעם קיסר אונ דיא אַנדערע העלפט צו דיא אַלמנה אונ צו דיא יורשים פון דעם מיניסטער אונ דיא צווײא טײל פון דיא יודין וואָס וועלין בלײבין לעבין זאָל מען פון זײא אָפּ ציהען דיא קלײדער זאָלין גײן בלויז נאַקעט אונ מען זאָל איטליכין אָפּ שערין אײן האַלבע באָרד מיט אײן פאה אונ מען זאָל זײא מיט האַרטע ריטער אַרויס טרײַבין פון דער שטאָט אונ דאָס גאַנצע מיניסטעריום האָבין גיחתמית דעם אורטײל אונ האָבין אים גידאַלטין ביז דער קיסר וועט קומען אַהײם ער זאָל דעם בעשטעטיגין. דיא יודין זענין געבעך גיוואָר גיוואָרין פון דער גזירה האָבין זײא גוזר תענית גיווען אונ גיווײנט אונ גישריגען צו גאָט אפשר וועט זיך גאָט איבער זײא דער באַרימען אונ וועט פאַר קערין דאָס האַרץ פון דעם קיסר צו גיטין ער זאָל דעם אורטײל ניט וועלין חתמענען אונ האָבין זײער ביטער גישריגען אויף זײערע צרות אונ דיא שולין טאָג און נאַכט :

**וויא** דער קיסר איז אַהײם גיקומען זענין גיקומען דאָס גאַנצע מיניסטאָריום צו גריסין אַזוי וויא דער סדר איז אונ האָבין דעם קיסר דער ציילט וויא דיא יודין האָבין דעם מיניסטער גיהרגית אונ האָבין זײַן

פֿלייש פֿאַר דיא הינט געוואָרפֿין זאָגט דער קיסר צו זייא וויא אַזוי קענט איהר וויסין אַז דיא יודין האָבין אים גיהאַרגנית האָבין זייא אַרוֹיס גינומען דעם פּראָטיקאָל וואָס דיא צוועלף עדות זענען דרוֹיף גיוועזין גיחתמית זאָגט דער קיסר אַז איר האָט איין בעווייז זענט איר שוין גירעכט נוא וואָס טוט מען האַנט מיט דיא יודין. נעמען זייא אַרוֹיס דעם פסק וואָס זייא האָבין גימאכט אונ זאָגין אויב עס גיפֿעלט דיר דער פסק פֿאַר לאַנגען מיר אַז דוא זאָלסט אונטער שרייבין. זאָגט דער קיסר דער פסק גיפֿעלט מיר גאַנץ גוט איך האָב בדיעה דיא צייטין צו מאַכין אַ סעודה וועל איך שוין דאַמאָלס דעם פסק חתמנין וויא דער קיסר האָט זיך אוֹיס גירוט האָט ער גישאַפֿט צו זיינע דינער זיי זאָלין אָהן הייבין דיא סעודה מכין צו זיין. אונ האָט אויף דער סעודה גיבעטין זיין פֿאַמיליע אונ דיא מיניסטעריום אונ גראַפֿין אונ פֿירשטין אונ דיא צוועלף עדות זאָלין אויך זיין אויף דער סעודה אונ האָט גישאַפֿט אַז מען זאָל שטעלין איבין צווייא שטילין איינע פֿאַר אים אונ איינע פֿאַר איין אַנדערין. בקיצור וויא דער טאָג פֿון דער סעודה איז שוין גיוועזין זענען דיא יודין אויף גישטאַנען גאַנץ פֿריא מיט צו בראָכענע הערצער אונ האָבין זיך פֿאַר זאַמילט אונ שול אונ האָבין גיוויינט אונ גישריגען צו גאָט ער זאָל זייא העלפֿין אוֹיס זייער נויט דער עולם איז צו נויף גיקומען אויף דער סעודה האָט דער קיסר גיזאָגט מען זאָל ניט געבין צו עסין ביז דער גאַסט וועט קומען האָבין דיא מענטשין דער ווייל גישמועסט איינער מיט דעם אַנדערין אַזוֹי זייא דער סדר איז.

אונ דעם איז אַריין גיקומען דער אור החיים הקדוש אַ קליינער יודיל מיט איין שטעקין אונ האַנד אונ זיין קאַפּטין איז גיוועזען גילאַטעט איין לאַטע אויף דער אַנדערער אונ דיא שיך אויך אַזוֹי אונ האָט דעם ספּאָדיק ניט אַראָפּ גינומען וויא דער קיסר האָט אים דער זעהן איז ער אים אנטקעגין גילאָפֿען אונ האָט דעם אור החיים גינומען ביי דער האַנד אונ האָט אים אַרויף געפֿירט גאַנץ אויבין אָהן אונ האָט איהם גיזעצט אויפֿין שטיל לעבין זיך דאָס מיניסטעריום האָבין זיך אָנגיהויבין אָהן צו קוקין איינער דעם אַנדערין אונ דער קיסר האָט באַלד גישאַפֿט מען זאָל געבין עסין צום טיש. דער אור החיים האָט אַרוֹיס גינומען אוֹיס זיין טאָרבע אַ שטיקיל ברויט מיט זאַלץ מיט קנאָביל אונ האָט גילייגט לעבין זיך אונ האָט גיזאָגט דעם קיסר ער זאָל אים הייסין דער לאַנגען וואַסער ער וויל זיך וואַשין. אַלע גראַפֿין אונ פֿירשטין אונ דאָס מיניסטעריום האָבין זיך גאָר ניט גיקאָנט פֿאַר וואונדערין וואָס דאָס זאָל זיין. דער קיסר האָט גישאַפֿט האָט מען באַלד גיבראַכט אַ זילבערנעם בעקין מיט איין שעפֿער וואַסער מיט אַ האַנטוך אונ דער אור החיים האָט זיך גיוואַשין טאַקע ביים טיש אונ האָט גימאַכט דיא ברכה על נטילת ידים אונ המוציא גאַנץ הויך אונ האָט מיט קנאָביל פֿאַר שמעקט דיא גאַנצע סאַליע. נאָך דעם עסין האָט מען אָהן גיהויבין צו שמועסין פֿון פֿערשידענע גישעפֿטין אונ די מיניסטאָריום אונ זייערע גידאַנקען זענען גיוועזען אַרויס צו קומען פֿון דער הריגה פֿון דעם מיניסטער וואָס דיא יודין האָבין אים גיהרגית אונ האָבין באַלד פֿאַר גילייגט דעם אורטייל פֿאַר

דעם

דעם קיסר ער זאָל איהם התמנן . נעמט דער קיסר דעם אורטייל אונ ווייזט דעם אור החיים אונ ער לייענט דעם אורטייל גלייך וויא ער וואָלט גיוועזן גאַנץ גיבאָרענער דייטש אָדער איין רוס אונ וואונדערט זיך זייער איבער דעם אורטייל אונ זאָגט איך קאָן דאָס ניט גלויבין דיא יודין זאָלין אַזוי אַמעשה טוהן האָבין זייא דאָס אָבער יאָ גיטוהען איז דער אורטייל נאָך ווייניג אונ חאָטשע איך בין אויך אַיוד גיב איך אייך גירעכט נאָר איך וואָלט גערין גיוואוסט וואס פאַר אַבעזוויז איר האָט אויף דער זאַך נעמען דיא סיניכטאָריום אַרויס דעם פּראָטיקאָל אונ ווייזין איהם וויא דיא צוועליף עדות האָבין זייער פּראָטיקאָל באַלייגט דער האָט דאָס גיהערט אונ דער האָט דאָס גיזעהן . זאָגט דער אור החיים צום קיסר זאָלסט דעם אורטייל בעשטעטיגין אָבער ערשט אַז דיא סעודה וועט זיך ענדיגין . קודם דאַז מען אַרויף נעמען משקה אונ דער עולם זאָל זיך אונטער האַלטין כדי מען זאָל ניט פאַר מישין דיא שמחה אונ מען זאָל מיט דעם פּסק ניט וואַרטין נאָר ער זאָל טאַקי היינט גישעהן וויא דער גאַנצער עולם האָבין דער הערט דיא רייד פון דעם יודיל איז זייא זייער גיפעלין אונ האָבין בייא זיך גיקלערט מיר האבין שוין גיפועלט וואָס מיר האָבין גיוואָלט . האָט מען באַלד אָהן גיהויבין צו טראָגין פון דעם קעלער גוטע ווייגען . זאָגט דער קיסר צום אור החיים קיין וויין וועסטו מיט אונז אויך ניט טרינקען זאָגט דער אור החיים צום קיסר ניין נאָר קודם טרינקט איר דער נאָך וועלין מיר ביידע גיין אונ קעלער אַריין אונ מיר וועלען מיט זיך מיט נעמען נאָך עטליכע פון דעם טיש אונ קעלער אַריין וועל איך מיר דאָרט אָפּשר אויס קלויבין וויין צו טרינקען דער גאַנצער עולם האָט דער וויל גיטרונקען וויין אונ זענען גיוועזן לוסטיג אונ פריילוך :

**דער** נאָך זאָגט דער אור החיים צום גאַנצין עולם הערט מיך אויס גראַפין אונ פירשטין וואָס איך וועל אייך זאָגין איך בין גיבאָרין אַיוד אונ האָף צו גאָט ב"ה אַז עס וועט קומען מיין צייט צו שטאַרבין איוד אונ גאָט ב"ה האָט אונז גיגעבין איין תורה אונ דער תורה האָט ער אונז גיוואָרינט מיר זאָלין זיך היטין פון רציחה מיר זאָלין קיינעם ניט מאָרדען עס טעג זיין איוד אָדער ניט איוד היינט אַז דיא יודין האָבען עובר גיוועזין אויף דעם אונ האָבין ערמאָרדעט דעם מיניסטער מוז מען אויף זייא מקיים זיין איין אַנדערין פסוק פון דער תורה וואָס אונ דער תורה שטייט גישריבין דיא הענד פון דיא עדות זאָלין זיין צום ערשטין אונ דיא מערדערס . אונ דער נאָך דיא הענט פון דעם גאַנצין פאָלק אונ ווידער האָבין מיר איין דין תורה אַז עדות ווערין גיפונען ליגנערס זאָל מען טוהן דיא עדות אַזוי וויא זייא האָבין אונז זין גיהאַט צו טוהן דעם מענטשין. האָבין אַלע מענטשין גישריגען בראַוואָ דער קיסר זאָל לעבין אונ דער יוד וואָס איז דעם קיסערס פריינד זאָל אויך לעבין דער נאָך האָט דער אור החיים גיזאָגט איצונד לאָמיר גיין אונ קעלער אַריין וויין טרינקין אונ דאָס מיניסטעריום מיט דיא צוועליף עדות זאָלין אויך מיט אונז מיט גיין . אונ דאָס מיניסטעריום זאָלין זיך פון דיא מענטשין וואָס זיצין בייא דעם טיש אויס קלויבין אמענטש . דאָס ער זאָל מיט זייא מיט גיין אונ דיא עדות זאָלין זיך אויס קלויבין אמענטשין

יועלכין זייא ווילין ער זאָל מיט
זייא גייען מיט . אונ זעגען אַלע
אַראָפּ גיגאַנגען אונ קעלער אַריין
אונ האָבען אָהן גיהויבען ווייַן
צו טרינקען . אינדעם זאָגט דער
אור החיים צום קיסר איך פיל
דאָ עפּעס אונ קעלער אַמיעסין
דאַמפּף גלייך וויא אַטויטער וואָלט
דאָ גילעגין . רופט זיך אָהן איין עדות
איך פיל אויך נאָר איך האָב ניט
גיוואָלט זאָגין . קורץ זייא האָבין אַלע
גיזאָגט דאָס זייא פילען דעם דאַמפּף
מיר מוזין אויס דעם קעלער אַרויס
גייען . זאָגט דער אור החיים גייען
קינדערלאַך אַרויס גייען איז קיין קונץ
ניט מיר מוזין אָבער אַכטונג געבין
וואָס דאָס זאָל זיין וויא קומט
אַהער איין טויטער . האָט דער קיסר
באַלד גילאָזט אַראָפּ רופין צווייא
פּראָסטע מענטשין זאָלין זוכן וואָס
אונ דעם קעלער איז דאָ האָבין דיא
מענטשין ניט פיל גיזוכט אונ האָבין
גיפונען דעם גישאָכטענעם מיניסטער
אונ דיא אַלע האָבין אים באַלד דער
קענט אונ זייערע הערצער זענען
גישטאָרבין . ווארום זייא האָבין זיך
שוין אָהן גישטויסין אַז דאָס מוז עפּעס
זיין דאָס איז ניט גלאַט . האָבין דיא
מענטשין דעם מיניסטער אַרויף גינומען
פון דעם קעלער אונ מען האָט אים
בהאַלטין וויא עס גיהער צו זיין אונ
דער קיסר האָט גישטעלט וואַכין
אויף אַלע זייטין פון דעם באָרג . אונ
האָט זייא דיא גאַנצע גישיכטע דערציילט
וויא אַזוי דער מיניסטער איז גישאָסין
גיוואָרין אונ האָט גיזאָגט צום אור
החיים איצונד גיב דו אַרויס איין פּסק
האָט דער אור החיים באַלד צו וויסין
גיגעבין צו דיא יודין וואָס דאָ איז
גישעהן אונ קהל זאָל אים אויס קלויבען
פון זייא צוועלף יודין אונ זאָלין אים
שיקן אונ קיסרס הויף אַריין האָט
ער איטליכין יוד איבער גיגעבין איין
עדות אונ דיא הענד אַריין אונ האָט
אים גיזאָגט מיט וואָס פאַר איין מיתה
דוא ווילסט אים טייטין מעגנסטו אים
טייטין נאָך היינטיגין טאָג . אונ
דאָס פאַר מעגין פון דיא צוועלף עדות
זאָלט איר נעמען אונ זאָלט עס צו
טיילין צו אַלע יודין לויט חלק . אונ
האַלב פאַר מעגין פון איטליכין מיניסטער
זאָל באַלד באַרעבינט ווערין אונ זאָל
גיגעבין ווערין צו דיא יודין אונ דיא
אַנדערע העלפט זאָלין זייא זיך האַלטין
אונ זאָלין אָפּ גיזעצט ווערין פון זייער
גדולה אונ זאָלין ניט טאָרין וואָהנען
אונ קרוין שטאָט צייט זייא וועלען
לעבען . אונ האָט דעם גאַנצען פּסק
אַרויף גינומען אויף איין פּאַפּיר אונ
דער קיסר מיט אַלע גראַפען אונ דיא
פירשטין האָבען זיך געחאַתמית אויף
דעם פּסק . אונ דער אור החיים איז
זיך אַוועק גיזין וועג אונ דיא יודין
האָבען גיטאָהן דעם משפט אין זייערע
שונאים לויט דעם פּסק פון דעם אור
החיים הקדוש .

## נאָך אַוונדערליכע מעשה וואָס דער היילגער צדיק ר"י פון ריזין זצ"ל האָט ערציילט .

דער היילינגער ריזינער ז"ל ער האָט
אַמאָהל גיזאָגט זיינע חסידים
מוסר אַז זייא זאָלין זיין גיהיטין צו
טאָהן אַפילו דיא קלענסטע מצוה .
וויא

וויא אין דער משנה שטייט האט ער דערציילט דיא מעשה:

דער גאון דער צדיק רבי שמשון ווינער האט גילערינט אונ דער ישיבה אונ ער האט זיך גיוויזען אז ער וועט זיין אגרויסער גאון אונ עס פלעגט זיין דער מנהג פאר צייטין אז יעדער מענטש וואס ער האט גיוואלט איין איידעם ער זאל זיין איין תלמיד חכם פלעגט ער פארין אונ דער ישיבה אריין אונ האט זיך אויס גיקליבין איין בחור. ווארום רעכנסטטאלט איז נאך דיא תורה חשוב גיוועזן ביא אלע מענטשין מען האט ניט גיוואוסט צו קויפין זיך הייזער אונ גימער נאר מען. האט גיוואוסט אז יעדער וואס הש"י האט איהם מזכה גיוועזן מיט עשירות. האט ער זיך צום ערשטין אויס גיזוכט איין גוטין איידעם וואס האט גיקאנט גוט לערנען דער נאך האט ער זיך גיקויפט נכסים אונ האט גינומען דעם איידעם נאקעט אונ בארועס אונ האט איהם אויס גיקלייד אונ האט איהם חתונה גימאכט מיט זיין טאכטער:

אונ עס איז גיקומען איין ראנדאר אונ דער ישיבה אריין ער זאל זיך אויס קלויבין איין בחור איין בן תורה פאר איין איידעם הכלל וויא דער ראנדאר איז נאר גיקומען אונ דער ישיבה אריין איז איהם גיפעלין דער גאון רבי שמשון ווינער זיין זכות זאל אונז ביא שטיין ווארום ער איז טאקע גיוועזן אשיינער מענטש. האט דער ראנדאר גיגעבין פאר דעם בחור צו דעם וואס ער האט גיהאלטין דיא ישיבה צוויא הונדערט רענדליך אונ דעם בחור האט ער מיט זיך מיט גינומען. ער איז צו מזל אהיים גיקומען מיט גרויס שמחה אונ האט גימאכט דיא חתונה מיט גרויס שמחה אונ וויא עס איז גיקומען ביא דער נאכט האט מען גימאכט דיא סעודה:

בקיצור דיא מחותנים האבין זיך גאר שטארק גיפרייט אונ וויא עס איז גיקומען אז זייא האבין זיך אלע גוליינט שלאפין איז אראפ אפייער פון דעם הימיל אונ עס האט אלעם פאר ברענט. אטייל וואס זענין גיקומען צו פארין אויף דער חתונה זענין פאר ברענט גיווארין אונ אטייל זענין אנטלאפין גיווארין מיט דעם לעבין אונ דער ראנדאר מיט זיין וויב אונ דאס גאנצע בני בית זענין פאר ברענט גיווארין. אונ דיא חתן כלה זענין אנטלאפין גיווארין מיט דעם לעבין זייא האבין איינים פון דעם אנדערין ניט גיוואוסט. דער חתן האט דער זעהן פון ווייטינס אגרויסע פאס האט ער דאס פאס איבער גיקערט אונ האט זיך ארונטער גילייגט אונ דיא כלה האט זיך בעהאלטין אונטער דיא ביימער. עס איז גיקומען אונ דריא טעג האט זיך דער גאון משער גיוועזן אז דאס פייער איז שוין גישטילט גיווארין איז דער גאון אפיר גיגאנגען פון דעם פאס אונ איז גיבליבין שטיין מיט עגמת נפש ער האט ניט גיוואוסט צו דיא כלה איז פאר ברענט גיווארין צו ניט אונ ער האט ניט גיוואוסט וואס צו טאן. הכלל ער האט ביא זיך אפ גיפאסט ער זאל אוועק גיין צוריק אונ דער ישיבה אריין צו זיין רבי'ן ער זאל דארטין זיצין אונ לערנען אזוי וויא פריער עס האט ניט לאנג גידויערט איז גיקומען איין גביר פון ווין אונ דער ישיבה אריין ער זאל זיך אויס קלויבין אחתן אונ דער ישיבה פון זיין טאכטער וועגין. הכלל ער האט זיך

זיך אויס גיקליבין דעם גאון ר'
שמשון אונ וויל דער גאון איז גיוועזען
אַגרויסער חכם האט ער אויס גינומען
פיל תנאים מיט דעם עושר אונ דיזס
איז גיוועזען בייא אים די ערשטע
תנאים וואס ער האט אויס גינומען
אז דרייא חדשים פאר דער חתונה זאל
מען שיקען בריף אונ אַלע שטעט
אַרוּם אַז מען זאל וויסן אַז דער אונ
דער גביר פון ווין נעמט דעם ר'
שמשון פון דער ישיבה אונ מען וועט
געבין מתנות צו דיא ארעמע לייט
זיבען טאג אונ עסין אונ טרינקין ווער
עס וועט קומען קיין ווין:

בקיצור דער גביר איז מרוצה גיווארין
אויף דער זאך ווארים דער
גאון האט זיך גיטראכט אפשר לעבט
נאך זיין ערשטע ווייב איז זיא בוודאי
איין א"ים מענטש ווארום איר פאטער
אונ מוטער איז גישטארבין נוא ווער
האט איר צו געבין עסן איבער דעם
אַז זיא וועט הערין אַז מען גיט אונ
וויען עסין אונ טרינקען אונ געלד.
וועט זיא אפשר קומען:

בקיצור דער גביר איז מרוצה גיווארין
מיט הגאון ר' שמשון אַז
מען זאל שרייבין בריף אונ יעדער
שטאט אַז ער מאכט חתונה זיין
טאכטער אונ ער וועט געבין עסין אונ
טרינקען אונ געלד דאצו אויך יעדער
וואס ער וועט קומען אויף דער חתונה
הכלל אַלע ארימע לייט פון דער גאַנצער
וועלט זענין גיקומען קיין ווין:

בקיצור הגאון ר' שמשון האט גינומען
אַ מענטש אונ האט איהם
גיזאגט אַז יעדער זיריכאַן וואס וועט
קומען אויף דער חתונה זאל מען אויף
שרייבין דעם נאמען וויא ער הייסט.
עס איז אַזוי גיוועזען מען האט גיגעבין
עסין אונ טרינקען אונ געלד אונ אַלע

פאַר נאַכט איז גיגאַנגין הגאון רבי
שמשון ווינער צו דעם מענטש ער
זאל דעם טאג צעטיל איבער לייענען
אויב עס געפינט זיך ניט דער נאמען
פון זיין ווייב בקיצור ער האט ניט
גיפונען דעם נאמען פון זיין ווייב
וויא זיא האט גיהייסן רבקה בת משה
ישראל אדער אַזוי איין גלייבין וויא
עס איז גיוועזען דער זיבעטער טאג
איז ער גיקומען איבער לייענען דעם
טאג צעטיל האט ער גיפונען שטיין
דעם נאמען פון זיין ווייב האט ער
גיפרעגט אויף איר מען זאל זיא אים
ווייזין איז גיגאַנגין דער שומר בית
הנשים אונ האט זיא אויף גוויזען
מיט דעם פינגער האט ער זיא דער
קענט אַז דאס איז זיא האט דער
גאון גיזאגט צו דעם שומר וואס ער
היט אַז מען לאזט אהיים אַלע ארימע
לייט אונ מען גיט זייא מתנות זאל
ער אויף האלטין דיא אשה וואס זיא
הייסט רבקה בת משה ישראל נאך
ער זאל איר ווייזען איין באַזונדער
חדר אונ הויף זי זאל דארטין געלטיגין:

בקיצור דער ממונה האט אַזוי גיטוען
אַזוי וויא מען האט איהם
גיהייסן וויא ער האט אויף גיהאלטין
דיא אשה האט זיא פאַרכט גיהאט
אפשר וויל מען פון איר חס ושלום
שפעטין האט זיא גיזאגט צו דעם
ממונה וואס פאַר איין עבירה האסטו
אונ מיר גיפונען וואס דיא ווילסט
מיך ניט אַהיים לאזין האט דער ממונה
גיזאגט איך שווער בייא מיין לעבין
אַז גאַר קיין שום עבירה האב איך
ניט גיפונען אונ דיר נאַר מען האט
אַזוי גיהייסן טאהן. אונ וויא עס איז
גיקומען אַזוי וויא האלבע נאַכט איז
דער חתן אויף גישטאַנען פון זיין
גילעגער אונ האט זיך ניט גינומען

אַליבם

א׳יכם און האנד און איז גיגאנגין צו דער ארעמער אשה און איר שטיביל אריין ער זאל מיט איר ריידין ער האט זיא אויס גיפרעגט האסטו נאך ווייבער און מוטער אברודער אקרוב דאס זיא גיזאגט ניין. האסט דיא אמאן האט זיא ניט גיענטפערט נאר גיזיפצט. האט ער זיא נאך אמאהל גיפרעגט הייבסטו איין מאן האט זיא גיזאגט איך האב גיהאט אמאן נאר יעצט וויים אויב ער לעבט האט ער זיא גיבעטין זיא זאל אים דער צייל׳ין וואס עס איז מיט איהם גישעהן הכלל זיא האט אים דער צייל׳ט דיא גאנצע מעשה פון דער שרפה מיט דאס אלעס וואס האט זיך גיטראפין ביז ער האט נאך גיקלערט אז זיא איז זיין ווייב און ער איז איר מאן נאר איין זיפץ האט ער גיטוהן און האט זיך גישלאגין און זיין האריץ אריין אפשר און אזוי פיל יארין ווייא זיא איז ארים גיוועזן אפשר האט זיא זיך מטמא גיוועזן. הכלל ער האט איר אויס גיפרובט אויף דיא זאך אויב זיא האט זיך ערליך גיהאלטין. בקיצור ער האט איר גיפרובט מיט צעהן נסיונות און זיא איז ניט בעשטאנען אויף דיא אלע זאבין ער האט זיך אויף געהויבין און איז גיגאנגין צוריק און האט זיך גילייגט שלאפין. און דער פריא איז ער אויף גישטאנען און האט גיזאגט צו זיין מחותן אז אקליינע בקשה בעט ער בין אים ער זאל אים נוט אפ זאגין האט דער מחותן גיזאגט וואס איז דיא בקשה האט ער גיזאגט צו אים אז ער וויל זעצין איין בית דין פון דיא חכמים פון ווין ווארים ער דארף זייא עפים פרעגין :

בקיצור דער מחותן האט אים צוא ליב גיטאהן און האט זייא גישיקט רופין אז זייא זאלין זיין ביא אים איין גילאדין אויף קאפע. דיא חכמים זענען ריכטיג גיקומען און האבין זיך בעזאמען גיפרייט מיט פלפולים מיט דעם חתן רבי שמשון זיין זכות זאל אונז ביא שטיין ווייא זייא זענען אזוי גיזעסין האט זיך דער רבי שמשון אנידער גישטעלט און האט גיזאגט איך האב אייך עפים צו זאגין רבותי נאר זאגט יעצט מיר דעם דין ווארום איך בין דער מענטש וואס איך האב גינומען נאך אווייב און השי״ת האט גיפונען דיא זינד פון אונז ביידע ווען דיא חתונה איז גיוועזן האבין מיר זיך צו שייד און מיר האבין ניט גיוואוסט איינער פון אנדערין און האט דער צייל׳ט דיא גאנצע מעשה מיט דיא שרפה און בשעת איך האב מיך מתקשר גיוועזן מיט מיין מחותן האב איך מיט איהם אויס גינומען אתנאי ער זאל מאכן אסעודה פאר אלע ארימע לייט דאמיט איך זאל וויסין אויב מיין ווייב לעבט נאך. און היינט האב איך איהר גיפונען צווישין דיא מדינה ארימע לייט און איך האב מורא פאר דעם חרם פון רבינו גרשם. היינט לערינט מיר דעם דין. האבען זייא אים גיזאגט אז איינע דארף ער געבין אגט נאר דיא ברירה איז און דיין האנד וועלכע דוא ווילסט מעגסטו דיר נעמען וויא דער מחותן דער גביר האט דאס דער הערט האט ער צו אים גיזאגט נוא ווען ווילסטו געבין אגט האט ער גיזאגט דיין טאכטער וויל מיט דעם דין איז דיא ערשטע מיין ווייב. און ווען איך וואלט גיוואוסט אז זיא לעבט נאך וואלט איך דאך ניט גיטארט נעמען דיין טאכטער און אז איך האב גיפונען אבידה וועל איך

איר

איר אַהיים נעמען איז דיא זאַך גיפעלין אונ דיא אוינין פון דיא חכמים פון ווין . אונ דעם שווער איז דאָס אויך גיפעלין אונ האָט גיזאָגט אַצונד ווייס איך וואָהל אַז דוא ביסט אַצדיק אונ עס טוט דאָך מיר אויך באַנק איך זאָל נאָך לאָזין אַזוי אַגאון נאָר איך פאַר זיכער מיך אויף גאָט אַז ער וועט מיר צו שיקן איין אַנדערין אויף דיין אָ־ט איך זאָל איהם געבין מיין טאָכטער פאַר איין מאַן אונ דורך דעם וואָס איך האָב גיזעהן אַז אַזוי אַפאַר מעגין האָסטו נאָך גילאָזין פון וועגין דוא זאָלסט ניט טאָהן קיין אום רעכט איבער דעם וועל איך דיך אויך ניט אַהיים לאָזין פון מיין הויז איך גיב דיר טויזינד רענדליך פאַר דעם ווייל דוא האָסט ניט טאָהן וויא עס דאַרף צו זיין מיט יושר אונ גאָטס אויגען אונ אין מענטשינס אויגין . אונ ער האָט גיגעבין איין גט צו זיין נייע ווייב דאָס איז דעם גבירס טאָכטער אונ ער האָט איהם גיגעבין דיא טויזינד רענדליך אונ דער גאון האָט זיך באַהעפט מיט זיין ערשטע ווייב אונ ער האָט מיט איהר נאָך אַמאָהל גירעט אונ האָט איהר גיזאָגט סימנים אונ זיא האָט איהם דער קענט אַז דאָס איז איר מאַן . זייא האָבין צו זאַמען גיוואָהנט אונ זייא האָבין זיך אָפּ גיקליבין אשטאָט ער זאָל מיט איר וואָהנען אונ ווין :

**בקיצור** דיא זאַך איז מפורסם גיוועזן בייא אַלע מענטשין אונ דיא שטאָט ווין ביז דיא זאַך איז גיקומען צו דיא יועצים האָבין זייא דער ציילט דעם מלך האָט דער מלך גישיקט נאָך דעם גאון רבי שמשון ער זאָל איהם אָהן קוקין וואָס פאַר אַמענטש ער איז ער וואַרפט אַוועק אַזוי אַגרוים פאַר מעגין פון וועגין זיין ישרות לבב וואָרום אונ דער גאַנצער שטאָט האָט מען גיוואוסט אַז דער מענטש איז אַגרויסער עושר אונ זיין טאָכטער איז אַשיין מענטש אונ ער קלויבט זיך אוים איין אָרימע אשה וואָס זיא גייט אויף דיא טירין בעטין אַשטיקיל ברויט . עס איז אַזוי גיוועזן דער גאון האָט גירעט מיט דעם מלך צווייא ווערטער איז ער אים זייער גיפעלין גיוואָרען וואָרום ער האָט גיזעהן אַז ער איז זייער אַקלוגער מענטש אונ די זאַך וואָס ער האָט גיטאָן מיט דער אָרימע אשה איז אויך זייער גיפעלין דעם קיסר האָט דער מלך גיזאָגט אַז דוא ביסט יאָ אַזעלכער מענטש איבער דעם זאָלסטו וויסין אַז פון היינט אָהן האָב איך דיר אוים גיקליבין דוא זאָלסט זיין בייא מיר אַיועץ האָט זיך דער גאון גיבוקט פאַר דעם מלך איבער דעם חן וואָס ער האָט גיפונען אונ זיינע אויגין אונ פון דאַמאָלס אָהן איז ער גיוועזן אַמושל איבער אַלע מושלים וואָס זענען בייא דעם מלך :

**אונ** וויא דער גאון רבי שמשון איז גינאַנגען שפאַצירין מיט דעם מלך גלייך וויא צווייא ברידער . אונ וויא עס איז גיוועזן אַז זייא זענען אַזוי גינאַנגין שפאַצירין האָט זיך דער בישוף אַרוים גיקוקט פון זיין קליין פענצטעריל וואָרין דאָרטין האָט ער גיזעהן וויא דער מלך גייט שפאַצירין מיט דעם יוד מיט גרויס אהבה עס האָט אים דאָס גיקרענקט הבלל אונ עטליכע טעג אַרום האָט דער בישוף נאָך גיקלערט מחשבות וויא אַזוי צו טאָהן שלעכטץ דעם יוד דער בישוף האָט זיך באַרעכינט אַז ער זאָל אַריין גיין צום קייזערס טאָכטער אונ ער זאָל מיט אירריידין איינינע רייד שלעכטן

שרײַבן אויף דעם יוד . וויא עס איז
גיזעהן אַז ער האָט זיך דער וואוסט
אַז דער מלך איז ניט דאָ אונ דער
היים איז ער גיגאַנגען צו דעם קייזערס
טאָכטער אונ האָט גיזאָגט צו איר איך
האָב דיר עפּעס צו זאָגן וויא אַזוי
קאָנסטו דאָס צו זעהן אַז איער זאָל
אונ דײַן פאָטערס הויז אַזוי גרויס
זײַן אונ חשוב זײַן אונ זאָל זײַן בײַא
דײַן פאָטער אַ יועץ אונ גייט מיט
דײַן פאָטער צו זאַמען שפּאַצירין
ווייסטו דען ניט פון לאַנג אָן אַז יודין
זענען שונאים צו דיא וואָס דינען
פרעמדע אָפּ געטער אונ זייער דת איז
אַנדערש פון אונזער דת האָסט דען
ניט גיהערט וואָס דיא יודין האָבין
גיטאָן מיט אונז בײַז אונ דיא שנאה
איז נאָר גיוועזן ווײַל זייא האָבען
אַנדערע דינים אונ מיר האָבען אַנדערע
דינים . בקיצור ער האָט מיט איהר
אַזוי אַרײַן גירעט אַז עס האָט איר
שוין אויך פאַר דראָסן אויף דיא יודין
ביז זיא האָט אים מבטיח גיוועזן אַז
זי וועט דאָס זאָגין איר פאָטער האָט
דער בישוף נאָך אַמאָהל געזאָגט צו
דיא בת מלכה עס איז נאָך ניט גוט
נאָר מען מוז זעהן דעם יוד צו הרגענין
וואָרים פון אַלע זאַכין וואָס מען טוט
זייא קענען זייא זיך אויס דרייען .
איבער דעם מוז מען קלערין גיהיים
עצות דעם יוד צו הרגענען . האָט זיא
אים גיפרעגט וויא אַזוי קאָן מען דאָס
טאָן האָט דער בישוף גיזאָגט צו איר
הייסטו וואָס דיא זאָלסט זיך מאַכען
קראַנק וועט דײַן פאָטער בוודאי קומען
צו דיר מבקר חולה זײַן אונ וועט מיט
נעמען דאָקטורים וועלין זייא אַלע
זאָגין אַז דיא ביסט גיזונד וועט ער
דיר פרעגין וואָס פעלט דיר וועסטו
אים זאָגין די.. זאָלסט וויסין אַז מיר
פעלט גאָר ניט נאָר וואָס דיא האָסט
דיר גימאַכט דעם יוד פאַר איין פרײַנד
אונ ער ווייסט אַלע דײַנע גיהיימניסע
זאַכין דאָס קרענקט מיך אָנשטאָט
וואָס דיא באַדאַרפסט צו לויערין אויף
זײַן לײַב מאַכסטו אים נאָך פאַר אַ
יועץ ?. בקיצור זיא האָט אים מבטיח
גיוועזן אויף דער זאַך אויך . עס איז
אַזוי גיוועזן אונ דעם אַנדערין טאָג אונ
דער פריא האָט זיא זיך גילייגט אויף
איר גילעגער אונ האָט גיזאָגט אַז זיא
איז קראַנק :

בקיצור מען האט גישיקט נאָך אַלע
דאָקטורים פון דער גאַנצע
שטאָט זייא זאָלין איר געבין מיטלען
זיא זאָל גיזונד ווערין האָבין זייא אַלע
גיזאָגט עס פעלט איר גאָר ניט זיא
האָט אין זיך איין קרענקונג פון וועגין
איין זאַך . בקיצור דער מלך איז אַרײַן
גיגאַנגען צו איר אונ האָט איר גיפרעגט
וואָס איר קרענקייט איז . בקיצור זיא
האָט אים דער ציילט אַז דאָס איז נאָר
איבער דעם יודין ער איז איר גלײַך
וויא זיא זעהט דעם מלאך המות .
בקיצור דער מלך האָט גיזאָגט צו
איר אַז עס האַרט דיר יוא אַזוי שטאַרק
זאָג איך דיר צו אַז ער וועט שוין
ניט מער אַרײַן קומען צו מיר אונ מײַן
פּאַלאַץ נאָר פון דעסט וועגין זעה מײַן
טאָכטער אויב עס איז דאָ אַזוי
אַקלוגער מענטש צווישן מײַנע אַלע
יועצים האָט זיא גיזאָגט וואָס העלפט
דאָס ווען ער איז אָבער אַ יוד דיא
יודין לויערין תמיד אויף אונז
נייסטו אונ מאַכסט אים פאַר איין
פ.. ד :

בקיצור וויא דיא האָט מיט אים
אַזוי גירעט האָט ער איהר
מבטיח גיוועזן אַז ער וועט שוין ניט
מער קומען צו אים אונ שטוב אַרײַן
אָבער

אָבער דער מלך האָט ניט גיוואוסט אויב דיא זאך איז אָהן גירעט פון דעם בישוף איבער דעם האָט זיך דער מלך ניט גיהיטין פון צו גיין מיט דעם יוד אויף דיא ברייטע גאַס פאַר דעם בישופס הויז איז דער מלך גיגאַנגין מיט דעם יוד שפּאַצירין אויף דער פרישע לופט אָבער צו זיך אונ שטיב אַריין האָט ער אים ניט גילאָזט כדי זיין טאָכטער זאָל ניט האָבין קיין ענמת נפש. וויא דער בישוף האָט דאָס גיזעהן אַז זייא גייען ביידע צו זאַמען שפּאַצירין אַזוי וויא פריער האָט דאָס אים נאָך מער גירייצט. הכלל דער בישוף איז גיגאַנגען נאָך אַמאָל צו דעם קייזערס טאָכטער אונ האָט איר איין גירעט אַזוי וויא פריער אונ האָט איר דער ציילט אַז איר פאָטער גייט נאָך מיט דעם יוד אַזוי וויא פריער מיט גרויס פערגעניגין:

בקיצור זיא האָט נאָך אַמאָל אַזוי גיטאָהן אונ האָט זיך גימאַכט קראַנק אונ זיא איז שוין טאַקע גיוועזן קראַנק פון דעם אָהן רייזין. זענען ווידער גיקומען אַלע דאָקטורים פון דער שטאָט צו איר מען זאָל איר געבין מיטלין אויף איר קרענק האָבין זייא ווידער גיזאָגט אַז עס פעלט איר גאָר ניט נאָר דאָס איז איין קריינקונג פון וועגין איין זאך. דער פאָטער האָט נאָך אַמאָהל גיפרעגט וואָס פעלט דיר האָט זיא אים גיזאָגט עס פעלט מיר גאָר ניט נאָר איך וויים ניט אויב דו האָסט גיהאַרגית דעם יוד אונ איצונט זאָלסטו וויסין אַז מיר ווערט אַלע מאָהל ערגער איבער דעם יוד:

זיא איז פלוצלינג אַנשלאָפען געוואָרען האָט זיא אונ חלום גיזעהן וויא עס קומט צו איהר איין גרויז גראָער יוד דאָס איז אליהו הנביא עהר גייט שענער גיקליידט וויא דער מלך אונ זאָגט צו איהר. בת מלך דיא זאָלסט וויסין אַז דיר איז באַשערט צו לעבין אונ גאַנצען דרייסיג יאָהר דיין מזל אונ הימעל צייגט דיר דאָס נאָר ווען דיא וועסט דעם ר' שמשון ווינער לאָזען זיין יועץ ביא דיין פאָטער שווער איך דיר צו אַז דיא וועסט לעבען אַכציג יאהר אַסימן גיב איך דיר מאָרגען מיטאָג וועסט דיא זעהען אויף דיין פעצנטער צוויא שיינע טויבען. בקיצר זיא האָט זיך אויף גיחאַפּט פון שלאָף מיט אַנדערע גיוויסען דער מלך האָט זיך גיפרייט הערענדיג פון איר דעם חלום. זייא האָבין ר' שמשון נרעסער גימאַכט ער איז ביא זייא גיוועזן איין אויג אונ קאָפּף. אונ דער חלום איז איהר מקויים געוואָרען זיא האָט גילעבט אונ דעם זכות אַכציג יאָהר מיט גרויס נחת:

פון דער מעשה קענט איר זעהן וויא השי"ת היט אָפּ זיין פאָלק ישראל פון אַלע צרות נאָר מיט השגחה פּרטיות אונ דוא מענטש זאָלסט דאָס אויך וויסין אַז עס קומט צו דיר איין מצוה אונ דער האַנט אַריין אַפּילו אַ קליינע מצוה זאָלסטו איר ניט אַוועק וואַרפין איבער דעם זאָלסטו זעהן נאָר צו טאָהן מצות ומעשים טובים. ובזכות הצדיקים זאָלין מיר זוכה זיין לנחמות ציון וירושלים אמן:



## נאך אַווּנדערליכע מַעֲשֶׂה וָואס דֶער הֵיילִיגֶער רִיזִ'נֶער הָאט עֶרְצֵיילְט וֶוען עֶר הָאט גִישְׁמִיסְט פוּן דֶער עֲבֵירָה פוּן צוּ זַיין אַ בַּעַל גַאֲוָה :

עס איז גיוועהן אַז מען האָט גימאַכט דעם גאון רבי ר' שמעלקא פאַר איין רב' אונ דיא שטאָט ניקלשבורג האָט מען איהם צו גיטיילט כבוד אַז עס איז ניט משער צו זיין דעם גרויסין כבוד אז דיא גאַנצע שטאָט האָבין זיך גיפרייט . דעם כבוד וואָס מען האָט איהם צו גיטיילט אַז מענטשין פון וויטע ערטער האָבין זיך צו זאַמען גיזאַמילט וויא זאָלין איהם מקבל פנים זיין צוויא ביל איז מען איהם אַנטקעגין גיגאַנגען מיט גרויס שמחה מען זאָל איהם אַריין פירין אונ שיינע פּאַלאַצין וואָס מען האָט אָהן גיגרייט פון זיינט וועגין . האָט זיך דיא שטאָט פאַרוואונדערט אויף דעם גרויסין קול פון שמחה וואָס מען האָט אַריין גיפירט דעם גאון האָבין זיך אַלע גיפרייט :

בקיצור וויא האָבין זיך אַלע שטאַרק גיפרייט . אונ עס איז גיוועהן וויא מען האָט אַריין גיפירט דעם גאון אונ זיינע שיינע שטובין אַריין האָבין זיך מענטשין זייער גישטופט זויא זאָלין אָהן קוקין דעם רבי פון זיין כבוד וועגין האָט דער גאון תיכף גיענטפערט איידער ער איז גיקומען אויפין שוועל (ברוך הבא ר' שמעלקא) אונ דער נאך אַז ער איז אַביסיל גיגאַנגען אַרויף ווייטער אַזוי האָט ער צו זיך אַליין גיזאָגט זעצט אייך רבי ר' שמעלקא דער נאך וויא מען האָט זיך אַנידער גיזעצט צום טיש עסין האָט ער צו זיך אַליין גיזאָגט נאַ עסט רבי ר' שמעלקא :

בקיצור ער האָט אַלס נאָר גיזאָגט כהאי לישנא אונ ער האָט גיזאָגט הויך מיט אַגרויס קול אונ האָט צו זיך אַליין צו גיטיילט כבוד דיא אַלע מענטשין וואָס זענען דאָרטין גיוועהן האבען זיך פאַר וואונדערט עס האָט זיך קיינער ניט גיוואַגט צו פרעגין דעם רבי פאַר וואָס ער זאָגט אַזוי . נאָר איין למדן אַגרויסער עושר איז גיוועהן ער האָט איהם גיפרעגט וואָס איז דאָס רבי דיא זאַבין איז בייא דעם פאָלק זייער אַגרויסע תמיה עס ווייזט אויס בייא דעם פאָלק אַז דער רבי איז אַרויף נאָך כבוד . האָט דער רבי גיענטפערט אונזערע חכמים האָבין גיזאָגט יהי כבוד חבירך חביב עליך כשלך . איז דער פשט אַזוי עס זאָל בייא דיר גלייך זיין דער כבוד וואָס דיינע חברים טיילין דיר צו גלייך וויא דער כבוד וואָס דוא טיילסט דיר אַליין צו . איז דאָס עפּעס שיין אַז איך זאָג צו מיר רבי ר' שמעלקא אַזוי זאָל גלייך זיין בייא דיר דער כבוד פון דיא מענטשין . וויא ער האָט איהם אַזוי גיענטפערט האָבין אַלע מענטשין גיזעהן אַז ער איז אַגרויסער צדיק אונ מען איז צו איהם גיפאָרין פון אַלע פיר זייטין פון דער וועלט :

פון דיא מעשה קענט איהר זעהן אַז מען דאַרף נאָר אַנטלויפין פון כבוד אונ זיך אָפּ היטין פון גאוה אַזוי וויא עס שטייט אונ דער מעשה וויא אַזוי דער הייליגער צדיק האָט גיזוכט מחשבות אָפּ צו היטין זיך פון כבוד . ובזכות הצדיקים והחסידים זאָלין מיר זוכה זיין צו זיין אונ גוטע וועגין מיר זאָלין קענען השי"ת דינען בלבב שלם אמן וכן יהי רצון :

נאָך אַ וואונדערליכע מעשה פון אַ בעל תשובה וואָס עס האָט ערציילט דער הייליגער צדיק ר' אַברהם יעקב זצ"ל פון סאַדיגער. דער זוהן פון הייליגן צדיק ר"י פון ריזין זצ"ל:

אין לעמבערג איז געוועזין אַשניידער וואָס ער איז נישט געווען קיין גוטער בעל מלאכה. האָט ער נישט פאַרדינט אויף דער פרנסה. האָט אים זיין יצר הרע איבער גירעט. אונ ער האָט זיך גישטעלט אונ איין הויף בייא אַ פריץ. ער פלעגט קענין זאָגין ווערטליך (ליצנות) דער הויף איז געוועזין לעבין לעמבערג. פלעגט ער צו קומין אונ הויף אַריין אונ האָט גיזאָגט ווערטליך פאַר דעם פריץ אונ זיין בני בית. האָבין זיי פון דעם זייער פיל הנאה געהאַט אונ האָבין זייער נעלאַכט פאַר דעם האָבין זייא אים ניגעבין צוא עסין אונ צו טרינקין בענאַנד מיט זייא טרפות ר"ל. אונ איין עבירה שלעפט דאָך צו איין עבירה ביז ער האָט עובר געווען אויף דער גאַנצע תורה אונ ער איז געוואָרין איין משומד פיל וואָבין פלעגט ער נישט אַהיים קומין נעכטיגען. אַפילו אַז ער איז אַמאָהל אַהיים געקומין פלעגט אים זיין כשר ווייב צו שטראָפין האָט ער זיא גישלאָגין אונ גישאָלטין. אַמאָהל איז ער גישטאַנין אונ דעם הויף פון דעם פריין פרייטיג אונ מיטין טאָג. אונ איין קרעטשמע איז געוועזין אונטער דעם הויף. האָט דער שניידער גיזעהן אַז עס איז גיקומין צו דער קרעטשמע איין וועגילע (אַבאָהד) מיט דרייא מענטשין אויך האָט ער גיזעהן אַז זייא זענין אַלע אַריין גיגאַנגין אונ דער קרעטשמי אַריין. אונד האָבין אַריין גינומין דיא זאַכין פון דעם וואָגין אונ שטיב אַריין האָט ער פערשטאַנין מסתמא איז דאָ גיקומין אַ גוטער יוד מיט זיינע משמשים. איז ער אַריין גיגאַנגין צו זיין פריץ אונ האָט אים גיזאָגט ער זאָל אים געבין אַקוויטיל צום האַרינדאַר ער זאָל אים לאָזין עסין איבער שבת. וויל ער האָט גיוויסט אָהן אַקוויטיל פון פריץ וועט אים דער אַרענדאַר נישט אַריין לאָזין. ווייל דאָרך זיינע מעשים איז ער געוועזין מבוזה בייא יעדערין האָט אים דער פאָריץ גיפרעגט נאָך וואָס ער וויל אַהין גיין אויף שבת צו פעהלט דיר דען. דאָ צו עסין. האָט ער אים גיענטפערט. איך האָב גיזעהן אַז עס איז אַהין גיקומין אַרבי מיט זיינע משמשים. ע"כ וויל איך אַהין גיין איך זאָל דאָרט זיין שבת ווען איך אייך ברענגין פיעל ווערטליך אונ ליצנות דורך דעם וואָס איך וועל דאָרט זיין וועל איך אייך דערציילין איהר זאָלט הנאה האָבין דיא זאַך איז זייער גיפעלין דעם פריין מיט דער פרוצה האָבין זייא אים גיגעבין אַקוויטיל צום רינדאַר ער זאָל אים נעמין אויף שבת דער שניידער האָט גיברענגט דאָס קוויטיל צום רינדאַר האָט ער אים גינימין אויף שבת חאָטש עס איז נישט געווען מיט זיין גאַנצין ווילין. דער אמת איז טאַקי געווען אַז עס איז אַהין גיקומין אַגיטער יוד מיט זיינע משמשים זאָלין דאָרט זיין שבת. זייא האָבין גידאַווינט בייַנאַכט מעריב פון שבת מיט אַ מנין אונ זייא האָבין זיך ניזעצט עסין דיא סעודה

פון

פון שבת נאָך דעם קידוש וויא דער
טנהג איז דער רענדאַר דער בעל
הבית האָט גידענקט דיא מענטשין בייא
זיין טיש וויא ער האָט פערשטאַנין
דער שניידער איז גיזעסין אונ עק טיש
פינקט אַקעגין דעם רבין וואָס ער איז
גיזיבין אָן. דער רבי איז אָבער גיוועזען
אַגרויסער צדיק האָט ער גיזעהן אַז
דער שניידער איז אַגרויסער זינדיגער.
האָט ער אָנגעהויבין צו זאָגין תורה
בייא דעם טיש אונ ער האָט נישט
גיזאָגט דאָס ענין פון דער סדרה וואָס
איז דיא וואָך געגאַנגין נאָר פון ענינים
פון עבירות אונ ער האָט פער מיאוסת
דיא וואָס טיען דיא עבירות. אונ ער
האָט דיא זאַך לאַנג בעשמיסט דיא
אַלע וואָס זענין גיזעסין בייא דעם
טיש איז דאָס גיוועזען אַ פלא פאַר וואָס
דער רבי זאָגט נישט תורה פון דער
סדרה נאָר ער שמיסט נאָר פון עבירות
אויך אונ דער פריא מען האָט אָב
גיגעסין האָט דער רבי אַלץ גיקיקט
אויף דעם שניידער וואָס איז גיזעסין
אונ עק טיש אונ האָט גישמיסט פון
עבירות וואָס פאַר איין עונש עס קימט
פאַר אַהאַרבע עבירה אונ וואָס פאַר
איין עונש עס קימט פאַר אַגרינגע
אונ בייא שלש סעודות האָט ער אויך
נאָר גישמיסט וועגין עבירות דער נאָך
האָבין זייא גיקאָנטשעט דיא סעודה
אונ האָבין גיבענטשט אונ גידאַווינט
מעריב דער נאָך האָט מען גימאַכט
הבדלה. איז זיך דער רבי אַריין
גיגאַנגין אונ זיין חדר אַריין וואָס מען
האָט אים אָפּ גיגעבין. אונ אַלע זענין
זיך אוועק גיגאַנגין. דער שניידער איז
פון דאָרט נישט אַוועק גיגאַנגין אונ
דעם פריץ'ס הויף אַריין ער זאָל דאָרט
זאָגין ווערטליך וויא ער האָט זייא צוא
גיזאָגט דען דעם רבינס ווערטער זענין
אים אַריין גיגאַנגין אין האַרץ אַריין
אין עס האָט אָנגעהויבין צו שפּראָצין
אונ עהם אַ ניצוץ פון תשובה
אונ רייניקייט אונ חרטה אויף אַלע
זיינע עבירות וואָס ער האָט גיטיען.
איז ער אַריין גיגאַנגין אונ חדר פון
רבי'ן אונ האָט זייער גיוויינט אונ גיזיפצט
אונ ער האָט גיזאָגט איך וויים גאַנץ
גוט אַז אַלעס וואָס איר האָט גיזאָגט
אונ אייער תורה גאַנץ שבת איז נישט
גיוועזען נאָר דאָרך מיר איך האָב
טאַקי עובר גיוועזען אויף דיא עבירות
וואָס איר האָט אויס גירעכינט נישט
איינמאָהל האָב איך עובר גיוועזען אויף
דיא עבירות נאָר פיעל מאָהל אונ
האָט מתוודה גיוועזען מיטין גאַנצין
האַרץ. אונ איך וויל אַז איר זאָלט
מיר אַרויס געבין איין אֶמת'ע תשובה
איך בין אָהן ניבּרייט איך זאָל אויף
מיר נעמין אַלערלייא מיני פייניגונג
אונ יסורים וואָס איר וועט אויף מיר
נוזר זיין:

וויא דער רבי האָט געהערט אַז ער
איז אַגרויסער בעל עבירה וויא ער
האָט אַליין מודה גיוועזען האָט ער זיך
נישט גיגלייבט אַז דער שניידער זאָל
וועלין תשובה טון וויל ער איז שוין
אַזוי פערזונקין אונ דיא עבירות רח"ל
נאָר וויל ער האָט אים נישט גיקענט
אונ גאַנצין אָבזאָגין האָט ער אים
גיזאָגט אַז ער זאָל פאַסטין עטליכע
טעג. וויא דער שניידער האָט דאָס
דערהערט האָט ער אָנגיהויבין צו
שרייען פאַר דעם רבי'ן אונ האָט
גיזאָגט איך פערשטייא גוט אַז אייער
תשובה איז נישט באֶמת נאָר כדי
איר זאָלט מיך נאָר אַוועק פּאַטערין
וואָרין פאָדליג וויא איך פערשטייא
אַז איך האָב עובר גיוועזען אויף דיא
האַרבסטע עבירות פיעל מאָהל איז אייער

תשובה

תשובה נישט קיין אֶמת׳ע תשובה אויף מײַנע עבירות. איך זאָג אײַך דעם אֶמת אַז איך וויל מקיים זײַן די הארבסטע תשובה כדי עס זאָל מיר פאַר געבין ווערין אויף מײַנע אַלע זינד און ער האָט זײער גיוויינט מיט זײַן פער ביטערט האַרץ. ביז דער רבי האָט גיזעהן אַז ער נעמט אויף זיך אונ אֶמת׳ין תשובה צו טאָהן האָט אים דער רבי גיענטפערט יעצט וועל איך דיר זאגין דעם אֶמת. פריער האָב איך נישט גיגלייבט אַז די ווילסט תשובה טוהן אונ יעצט זעה איך אַז די קערסט ווידער צו השי״ת מיטין גאַנצין האַרץ ׃ איז דאָס דײַן תשובה דיא זאָלסט מקבל זײַן אויף דיר דיא זאָלסט פאַסטין פון איין שבת צום אַנדערין אַגאַנצע וואָך. און זאָלסט נישט אויפהערין צו פאַסטין ביז מען וועט דיר מודיע זײַן פון הימיל דיא זאָלסט אויף הערין צו פאַסטין און כל זמן מען וועט דיר נישט מודיע זײַן זאָלסט דיא נישט אויפהערין צו פאַסטין און דיא זאלסט פאַסטין פון איין שבת צום אַנדערין אַז דיא וועסט דאָס מקיים זײַן וועסטו האָבין אַ כפרה אויף אלע דײַנע זינד עס איז אַזוי גיוועזן דער שנײַדער האָט אויף זיך מקבל גיוועזן באֶמת מיטין גאַנצין האַרץ מקיים צו זײַן און תיכף זינטיג און דער פריא איז ער נישט גיגאַנגין און הויף אַרײַן ער זאָל זאָגין זײַנע ווערטליך. ווארין ער איז גיוואָרין איין אַנדערער מענטש און ער האָט אויף זיך גינימין צו פאַסטין פון שבת צו שבת אַזוי וויא דער רבי האט אים געהייסין. און ווײַל ער האט נישט גיהאַט איין בעזינדער אָרט ער זאל דארט זײַן אַגאַנצי וואך ביז שבת עס זאל אים קיינער נישט שטערין דער פון. האט ער זיך מיישב גיוועזן און איז גיגאַנגין קיין לעמבערג און בית המדרש אַרײַן ער זאָל דאָרטן דאַווענין שחרית און האָט זיך פער זאמט לענגער פון דיא אַלע וואָס האָבין דאָרט גידאַווינט. ווײַל ער האָט און זין געהאַט ער זאָל נישט גיין אַהיים. איז גיקומען דער שמש פון בית המדרש און האָט אים גיזאָגט ער זאָל אָב דאַוונין און אַרויס גיין פון ביהמ״ד ווײַל ער דאַרף פערשליסין וויא זײַן שטײנער פלעגט צו זײַן שטענדיג. האָט ער גיענטפערט דעם שמש אַז ער האָט אויף זיך מקבל גיוועזן צו פאַסטין איין גאַנצע וואָך ביז שבת וועל איך נישט גיין אַהיים נאָר איך וועל דאָ זײַן אַגאַנצי וואָך ווײַל איך האָב נישט קיין מנוחה אויף קיין שום אָרט נאָר און דעם בית המדרש איבער דעם בעט איך אײַך איר זאָלט מיך דאָ לאָזין זײַן און ביהמ״ד אַגאַנצע וואָך. אַזוי זאָלט איר אײַך נוהג זײַן מיט מיר. אַלע טאָג פון דער וואָך זאָלט איר מיך פערשליסין און דעם שטיביל וואָס אונטער דעם בעלעמיר כדי עס זאָל קיינער נישט וויסין פון מיר און נאָך מעריב אַז יעדער וועט אַהיים גיין זאָלט איר מיך אַרויס נעמין פון מײַן חדר און ביהמ״ד אַרײַן איך זאָל קענין טוהן מײַן בעדערפיניש און איך זאָל אויך אַביסיל שלאָפין ביז עס וועט טאָג ווערין און אַז עס וועט נאָר טאָג ווערין אַז איר וועט קימין עפינין דאָס ביהמ״ד וועל איך אַרײַן גיין און דעם חדר וואָס אינטער דעם בעלעמיר און וועל דאָרטין זיצין אַגאַנצין טאָג על כן זאָלט איר אײַך מיט מיר אַזוי נוהג זײַן אַגאַנצע וואָך ביז שבת אַז עס וועט קומין פרײַטיג צו נאַכט אַז יעדער וואָס דאַווינט דאָ וועט אַהיים גיין פון ביהמ״ד זאָלט איר מיר

מיר עֶפִינֶין דָאס טיריל פון דעֶם חדר אויך אונ איך וועֶל אַהֵיים גֵיין. ווייל איך בין אויך אַהיגעֶר. עֶס איז אַזוי גיוועֶן דעֶר שמש האָט זיך מיט אים אַזוי נוהג גיוועֶן אַזוי ווִיא עֶר האָט אים גיבעֶטין. יעֶדיר טאָג פון רעֶר וואָך איז דעֶר שנַיידעֶר גיוועֶן מסוכן נאָר צום שטאַרבין דאָרך דעֶם הינגעֶר. ווייל עֶר האָט נאָך קיין מאָהל נישט גיפּרִיבט צו פאַסטין פון דעֶסט וועֶגין האָט עֶר זיך גישטאַרקט אַגאַנצעֶ וואָך אונ האט זיך מוסר נפש גיוועֶן אויב עֶר וועֶט שטאַרבין זאָל זַיין טויט זַיין אַכפּרה אויף אַלעֶ זַיינעֶ זינד. אונ האט גיוויינט אונ האט חרטה געֶהאַט אויף זַיינעֶ זינד. אונ עֶר האט אַלעֶ טאג ניקאנטשיט תהלים מיט גיוויין אונ השי"ת האט אים גיהאָלפין אַז עֶס איז גיקומין דיא טעֶג וואס זעֶנין נאהנט צו שבת. איז עֶר דעֶר קוויקט גיווארין. עֶס וועֶט באַלד זַיין שבת וועֶט עֶר גֵיין אַהֵיים עֶסין אונ טרינקין ווִיא זַיין ווילין. מיט דעֶם דעֶרקוויקונג האט עֶר אב גיליטין דיא יסורים פון דעֶם תענית. ווִיא עֶס איז גיקומין פרַייטיג איז עֶר אַזוי עֶרקוויקט גיווארין אַז האט כמעט נישט גיפילט אויב עֶר עֶסט ווייל עֶר האט גיוויסט אַז עֶר וועֶט באַלד גֵיין אַהֵיים עֶסין אונ טרינקין:

נָאךְ מעריב איז יעֶדעֶר אַהֵיים גיגאַנגין אונ דעֶר שמש האט פעֶרשלאסין דיא טירין פון שיל אונ איז זיך אַהֵיים גיגאַנגין ווייל עֶר האט פאַר געֶסין צו עֶפינין דאס חדר אונ ארויס צו לאזין דעֶם פעֶרשלאסינים דעֶר שנַיידעֶר האָט אַלין געֶהאפט דעֶר שמש זאָל אים עֶפִינין אונ עֶר זאָל גֵיין אַהֵיים. עֶר האָט געֶהאַלטין אונ איין ווארטִין אוּנ עֶס איז קֵיינעֶר נישט גיקומין עֶפִינִין. אויך האָט עֶר געֶהעֶרט אַז עֶס איז גישטילט גיוואָרִין דָאס גערויש פון דִיא מעֶנטשִין וואָס זעֶנין גיוועֶן אונ ביהמ"ד עֶס איז זיך יעֶדעֶר אַהֵיים גיגאַנגין אויך זעֶנִין דִיא לעֶכט אויס גיגאַנגין. אונ דעֶר שמש איז זיך אויך אַהֵיים גיגאַנגין. האָט עֶר פעֶרשטאַנִין מסתמא האָט עֶר פעֶרגעֶסין אים צו עֶפִינִין. האָט עֶר אָנגעֶהויבּין צו וויינִין זייעֶר שטאַרק אַז דִיא נשמה איז אִיבּ כמעט אַרויס געֶגאַנגִין. אונ עֶר האָט אַזוי גיטעֶנית צו זיך אַלֵיין אונ האָט גיזאָגט. רבונו של עולם איך זעֶה דאָך אַז מַיין תשובה איז פאר דיר נישט אָנגינומין גיוואָרין. אַ ראַי' דעֶר שמש האָט דאָך פעֶרגעֶסין מיר צו עֶפִינין. ווען מַיין תשובה זאָל גיוועֶן ווערִין אָנגינומעֶן וואָלט עֶר מיר דאָך נישט גיוועֶן פאַרגעֶסין צו עֶפִינין. אַז עֶס איז ווידעֶר אַזוי. איז דאָך מיר בעֶסעֶר צו שטאַרבין ווִיא צו לעֶבין אַז מַיין תשובה ווערט נישט אָנגינומין פאַר דיר מסתמא האָב איך דאָך ניט גיטוהן קיין תשובה פאָרלִיג מַיינעֶ זינד אַז מַיינעֶ זינד זעֶנִין יאָ אַזוי גרויס געֶבּ זשעֶ מיר צוא מַיין נשמה אזוי האָט עֶר אַלִיץ גישריגין פון זַיין טיפין האַרץ פאַר השי"ת. אונ איז אַנטשלאָפין גיוואָרין פאַר גרויס צער. איז תיכף צו אים גיקומין אלי' הנביא אין חלום אונ האָט אים גיזאָגט מעֶן האָט מיך גישיקט פון הימיל איך זאָל דיר אַבשורה זאָגין אַז דַיין תשובה איז גיוואָרין אָנגינומין פאַר השי"ת. דיא זאָלסט שוין מעֶר נישט פאַסטין. אונ דעֶר שמש וועֶט תיכף קומין אונ וועֶט דיר עֶפִינין אונ דִיא זאָלסט גֵיין אַהֵיים נאָך שבת זאָלסט דיא פעֶרקויפין דַיין הויז אונ קויפין איין הויז לעֶבין דעֶם מרחץ אונ איך וועֶל קומין אונ וועֶל מיט

מיט דיר לערנין אַלע נאַכט. דער שניידער האָט זיך אויפגיחאַפּט פון זיין שלאָף. האָט ער גידענקט דעם גאַנצין חלום. האָט ער ניקלערט מיט דעם וועל איך וויסין אויב דאָס איז איין אמת'ר חלום אויב דער שמש וועט קומין אונ וועט מיר באַלד עפינין איז אמת. עס איז טאַקי אַזוי גיוועזן דער שמש איז תיכף גיקומין אונ האָט גיעפינט דיא טהיר פון ביהמ"ד. אונ האָט גיעפינט דאָס שטיביל וואָס ער איז גיוועזן דערינין בעהאַלטין אונ ער האָט אים איבער גיבעטין ער זאָל אים מוחל זיין. וויל ער האָט דאָס גיטון אימגערין. וויל ער האָט אונ אים אונ גאַנצין פערגעסין. האָט אים דער שמש דערציילט אַ פלא. איך בין גילעגין אונ גישלאָפין. פּלוצלינג האָט זיך מיר גידאַכט אונ מיין שלאָף אַז עס איז צו מיר גיקומין אמענטש אונ האָט מיך אויף גיוועקט האָט ער גיזאָגט. גייא גיך אונ עפין דאָס חדר צו דעם מענטש וואָס ער איז דאָרט בעהאַלטין כדי ער זאָל זיך אַהיים גיין וואָרין ער איז אונ אַ סכנה אויב דיא וועסט אים ניט עפינין. האָב איך מיך אויף גיחאַפּט אונ האָב מיך דערמאַנט אונ אייך דעריבער בין איך גיך גילאָפין אייך עפינין. האָט דער שניידער פערשטאַנין אַז דער חלום איז אמת פערשטייאין מיר דאָך אַז פון דעם חלום איז ער נאָר דערקוויקט גיוואָרין דאָרף פיעל זאַכין. איינס ער האָט גיזעהן אלי' הנביא אונ חלום. צווייטינס מען האָט אים אַבשורה גיזאָגט אַז זיין תשובה איז אָנגענומין גיוואָרין פאַר השי"ת דאָס דריטע מען האָט אים מודיע גיוועזן פון הימעל ער זאָל שוין ניט פאַסטין אויך אלי' הנביא וועט מיט אים לערנין. איז ער אַהיים גיגאַנגין מיט אַגרויסע שמחה:

וויא ער איז אַהיים גיקומין איז זיין ווייב שוין לאַנג גישלאָפין וויל ער האָט זיך לאַנג פערזאָמט עס איז שוין גיוועזן נאָך האַלבע נאַכט האָט ער אָנגיקלאַפּט ביא דעם פענסטער אונ האָט גירופין דאָס ווייב זיא זאָל אים עפינין דיא טיר ער זאָל אַריין גיין אונ שטיב. אונ וויל זיא האָט גאָר ניט גיוויסט וואָס עס איז אויף אים פערבייא גיגאַנגין דיא גאַנצע וואָך האָט זיא גימיינט אַז איר מאַן דער שניידער איז נאָך אַזוי וויא פריער האָט זיא אים אָנגעהויבין צוא שעלטין צו האָסט דיא נישט וואָס צו עסין ביא דיין פריץ אַלערלייא טרפות אונ יעצט ביסט דיא גיקומין מיך אויפוועקין אונ מיך מצער זיין איך זאָל דיר עפינין גייא דיר צוריק אויף דיין אָרט דער שניידער אָבער ווייסין מיר דאָך אַז ער איז פאַרקערט גיוואָרין צו איין אַנדערין מענטש איין אמת'ר בעל תשובה אונ אצדיק איז ער נישט ביז גיוועזן אויף די' קללות וואָס זיא האָט אים גישאָלטין. אדרבה ער האָט נאָכגיקלערט אז זיא איז גירעכט וויל זיא ווייסט נאָר פון זיינע שלעכטע מעשים האָט ער זי אָנגעהויבין צו בעטין אַזוי וויא ער איז גישטאַנין ביא דעם פענסטער. אונ ער האָט איר גיזאָגט עס איז דאָך יעצט שבת בעט איך דיך דיא זאָלסט דאָס טוהן לכבוד שבת אונ עפין מיר דיא טיר איך וויל אַריין גיין אונ שטיב אַריין איך זאל מאַכין קידוש אונ עסין לכבוד שבת וויא זיא האט אבער דער הערט ער דערמאַנט איר עטליכע מאָהל דיא ווערטער שבת אונ ער רעט זייער שטיל נישט וויא ער איז גיוועזין גיוואָהנט פריער האָט זיא גיקלערט

געקלערט אפשר איז דאס נישט איר מאן נאר אונ דעם קול דאכט זיך אז ער איז איר מאן האט זיא מורא געהאט אים צו עפינען. אונ ער איז אויך געשטאנען אויף דער גאס אונ האט זיא געבעטין זיא זאל אים עפינען. האט זי זיך מיישב געוועזן איך מיז אים עפינען נאר אז ער וועט וועלין עפים עסין זאל זיא אים נישט איין צו טראגין דאס עסין נאר זיא זאל אים זאגין ער זאל זיך איין נעמין ברויט מיט דעם געקעכטין פון דיא וואס עס ליגט דארט. אויב ער וועט זיך אליין נעמין איז א סימן אז ער איז נישט קיין פרעמדער נאר ער איז איר מאן וועיל ער וויסט צו זוכין אונ דער פינסטער אונ זאל זיך נעמין עס איז אזוי געוועזין זיא האט אים געעפינט אונ ער איז זיך אריין געגאנגין אונ שטוב אריין. האט ער איר געזאגט גוט שבת. וויא איוד פירט זיך. וואס זיך יעצט האט ער צו איר אזוי נישט גערעט אונ ער האט זיך גענומין דעם וויין. וועיל זיא האט אים געזאגט וויא ער שטייט אונ ער האט געמאכט קידוש דער נאך האט ער זיך גענומין דיא חלה אונ דיא מאכלים וואס זיא האט אים געזאגט פון בעט ארוים וויא זייא שטייען. האט ער געגעסין אונ אב געבענטש וויא דער שטייגער איז פון א בעל תשובה אונ האט זיך געלייגט אויף דער ערד. זיין ווייב איז אגאנצע נאכט נישט געשלאפין וועיל זיא האט געהאפט עס זאל שוין טאג ווערין זיא זאל אים זעהן. וויא עס איז לעכטיג געווארין אונ ער איז געלעגין אויף דער ערד. האט זיא געזעהן אז עס איז איר מאן. אונ ער האט זיך אויף געהאפט פון זיין שלאף. איז ער געגאנגין זיך טובל זיין לכבוד שבת אונ איז אהיים געקומען האט ער זיך גענומין דעם טלית אונ איז געגאנגין אונ ביהמ"ד אריין דאווינין נאך דעם דאווינין איז ער אהיים געקומין אונ האט איר געזאגט גוט שבת. דער נאך האט ער געגעסין דיא סעודה פון שבת וויא עס דארף זיין. האט אים זיין ווייב געפרעגט אויף דעם נייעם וואס זיא זעהט אונ אים האט ער איר געענטפערט אז נאך שבת וועט ער איר דערציילין אלעס. אונ יעצט איז נישט קיין צייט צו רעדין אזאך וואס עס איז נישט נייטיג וועגין שבת דאס אלעס איז געוועזן בייא איר אוונדער מוצאי שבת האט ער איר א ביסיל דערציילט וואס עס איז אויף אים פערבייא געגאנגין דיא וואך אונ אז ער וויל פערקויפין זיין הויז אונ ער זאל זיך קויפין אקליין שטיביל לעבין מרחץ אונ ער האט איר נישט געזאגט פאר וואס. זיא האט אים אבער נישט געוואלט מסכים זיין דערויף נאר וועיל ער האט זיא זייער שטארק געבעטין אויף דעם. אונ אפשר האט ער איר אביסיל דערציילט פון דעם וואס עס איז אויף אים פערבייא געגאנגין האט זיא אויך מסכים געוועזן אויף דעם זייא זאלין פערקויפין זייער הויז אונ זאלין קויפין איין אנדערס אדער דינגין בייא דעם מרחץ אזוי וויא אלי' הנביא האט אים אנגעזאגט. קיין שום מענטש אחוץ זייא האט נישט געוויסט דער פון:

דער לעמבערגער רב פלעגט זיך נוהג זיין ער זאר אויפשטיין האלבע נאכט אזוי וויא מען האט זיך געפירט פערצייטין. אמאהל איז דער רב אויף געשטאנין האלבע נאכט אונ האט אופגעוועקט זיין שמש פון שלאף ער זאל מיט אים גייען אונ מקוה אריין.

זעגין

זענין זייא ביידע גיגאַנגין. וויא זייא זענין גיקומין לעבין דעם מרחץ האט דער רב גיזעהן אַז עס לייכט זיך אַלעכט אונ אַשטיב נאהנט צום מרחץ האט דער רב גישיקט דעם שמש ער זאל זעהן וואס מען טוט אונ דער שטיב נאך האַלבער נאַכט ווארין ער האט ניקלערט אפשר טוט מען דארט איין עבירה ח"ו. דער שמש האט אנגיקלאַפט אונ דער טיר מען זאל אים עפינין האט מען אים גיעפינט האט ער גיזעהן אַז אַשניידער זיצט אונ נייט אדער פער ריכט אַמלבוש. איז דער שמש אַרויס גיגאַנגין אונ האט גיזאגט דעם רב אַז אַשניידער זיצט אונ פער ריכט אַ מלבוש. איז דער רב גיגאַנגין אונ מרחץ אַריין אונ האט זיך טובל גיוועזן אונ איז אַהיים גיגאַנגין. אונ אַפּאהר טאג אַרים איז אויך דער רב גיגאַנגין אונ מקוה אַריין נאָך האַלבע נאַכט מיט זיין שמש. איז אויך אַזוי גיוועזין וויא פריער. וויא זייא זענין גיקומין נאָהנט צו דער שטיב האָבין זייא גיזעהן אַז אַלעכט ברענט זיך אונ דער שטיב. האָט דער רב אויך גישיקט דעם שמש ער זאָל זעהן וואָס מען טוט דאָרט. האָט ער אויך נאָר גיזעהן אַז אַשניידער זיצט אונ פער ריכט אַמלבוש איז דער שמש אַרויס גיגאַנגין אונ האָט גיזאָגט דעם רב וואָס ער האָט גיזעהן אונ אַפּאָהר טאָג אַרים איז ווידער גיגאַנגין דער רב אונ דער צייט האָט ער ווידער גיזעהן דאָס איינינע איז דאָס אים גיוועזין זייער אַוואונדער דען דאָס איז נישט קיין פּראָסטע זאַך. איבער דעם איז ער אַליין אַריין גיגאַנגין אונ שטיב אַריין וויא ער איז אַריין גיגאַנגין אונ שטיב אַריין איז גיוועהן פינסטער איז דאָס אים גיוועהן אַ ווינדער דען איירער ער איז צו גיגאַנגין צו דער שטיב האָט ער גיזעהן וויא אַלעכט ברענט זיך אונ יעצט אַז ער איז אַריין גיגאַנגין אונ שטיב אַריין איז גאָר פינסטער עס מוז דאָ בוודאי עפּעס זיין. וויא מען האָט אָנגיצינדין אַלעכט. האָט דער רב גיזאָגט צום שניידער דער בעל הבית זאָג מיר דעם אמת וואָס איז דאָס. צווייא אָדער דרייא מאָהל בין איך דאָ דורך גינאַנגין אונ האָב געזעהן אַז עס ברענט זיך אַלעכט אונ דער שטיב האָב איך גישיקט דעם שמש אונ ער איז גיקומין אונ האָט מיר גיזאָגט אַז דיא זיצסט אונ נייסט אַמלבוש. אונ יעצט האָט זיך דעם שמש געדאַכט אַז דיא זיצסט אונ דיא נייסט. אונ איך אַליין האָב גיזעהן אַז עס איז אונ שטיב פינסטער אונ פריער האָב איך גיזעהן אַז עס איז לעכטיג. ע"כ בין איך אויף דיר גוזר בגזרת הרב אַזי דיא זאַלסט מיר זאָגין דעם אמת. האָט אים דער שניידער געמיזט דערציילין דיא זאַך ווייל ער האָט אויף אים גוזר גיוועזן מיט דעם כח פון דער תורה. האָט ער אים דער ציילט אַז אלי' הנביא לערינט מיט אים אַלע נאַכט דעריבער צוא אַפּראָסטין מענטש וויא דער שמש איז האָט זיך אים געדאַכט איין פאַלש געמעהל נאָר דער רב ווייל ער האָט דאָך איין כח התורה האָט זיך אים נישט אַזוי געדאַכט נאָר ער האָט גיזעהן אַז עס איז פינסטער אונ ער זעהט נאָר נישט. דער רב איז זייער דער שראָקין גיוואָרין. אויך וואָס ער האָט נישט דיא זכי'. אונ דער שניידער איז אַזאַ פּראָסטער מענטש זאָל ער קענין קומין צוא אַזאַ זאַך. האָט דער רב גיבעטין דעם שניידער אַז ער זאָל בעטין זיין רבּין אלי' הנביא ער זאָל מיט אים

אויך

אויך לערנין. ווייל ער האט אונ זיך גיוויסט אז ער איז אגרויסער צדיק אונ אירא שמים פאר וואס זאל ער ניט זוכה זיין צו דעם? דער שניידער האט, אים צו גיזאגט ער זאל בעטין פון אלי׳ אויף דער זאך ער זאל לערנין מיט דעם רב:

דיא אנדערע נאכט איז אויך דער רב גיגאנגין צום שניידער איז אויך גיוועזין פינסטער אונ שטיב אזו וויא דיא פריערדיגי נעכט. דהיינו פון דער וועטינס האבין זייא גיזעהן אז אלעכט ברענט זיך אונ אז זייא זענין צוא גיקומין איז גיוועזין פינסטער. איז דער רב ארייגגאנגין אונ שטיב אריין האט אים דער שניידער גיענטפערט אז ער האט גיבעטין אלי׳ הנביא וועגין דעם רב אונ איז גיוועזין פאר אים א מליץ. האט אים אלי׳ הנביא גיענטפערט. אז ער אליין זאל מיט אים לערנין איז נישט מעגליך ווייל ער האט נאך נישט קיין זכי׳ אויף דעם נאר דאס ניט ער אים רשות אז דער שניידער זאל מיט דעם רב לערנין וואס אלי׳ לערינט מיט עם. דאס איז אויך זייער גיפעלין דעם רב׳ פלעגט דער רב גיין האלבע נאכט צום שניידער אונ דער שניידער האט מיט אים גילערינט וואס ער האט גילערינט ביים אלי׳ הנביא. האט דער רב פון דעם גיהאט זייער פיל תענוג אונ עס איז ביים אים גיוועזין זייער גיליבט. אזוי האט ער זיך נוהג גיוועזין אצייט אמאהל האט דער רב גיזאגט צום שניידער איך בין טאקי מקבל פיל פערגניגין פון דעם לערנין נאר כדי מיין הארץ זאל מיר נישט קלאפין אפשר איז דאס לערנין פון דער סט״א ח״ו חאטש איך וויים דאך אונ פער שטייא ניט אז דאס לערנין איז הייליג נאר כדי איך זאל נישט האבין קיין שום קלער אונ דעם. וויל איך אצייבין אז דאס לערנין איז פון דער קדושה דעריבער זאלסטו פרעגין פון אלי׳ מיין שאלה. האט אים דער שניידער גיענטפערט איר האט גוט גיפרעגט. איך וועל פרעגין אלי׳ וועגין דעם. וויא דער רב איז דער נאך גיקומין צום שניידער. האט אים דער שניידער גיזאגט אז אלי׳ האט אים גיזאגט אז דאס איז דער מופת אז דאס לערנין איז פון הייליגקייט וואָרין כל זמן דער שניידער וועט לעבין אויף דער וועלט וועט קיין שום מענטש נישט שטארבין אונ לעמבערג. האט דער רב דיא זאך גוט גינומין אונ זיין הארץ אונ אין יעדער צייט וואס מען האט גירופין אונ מארק אז מען זאל גיין צו אלוי׳ האט דער רב גישיקט פרעגין ווער עס איז גישטארבין האט עס דער שליח גיענטפערט. אז מען האט עס גיזאגט אז מען האט גיברענגט פון איין דארף אגישטארבינים מען זאל עס דא באגראבין על כן האט זיך דער רב נוהג גיוועזין כסדר. ביז דער שניידער איז גישטארבין האט מען אוים גירופין אויף דער גאס מען זאל גיין צו דער לוי׳ האט דער רב גישיקט גיוואר ווערין האט מען עם גיזאגט אז איין שניידער אפראסטער מענטש איז אצינד גישטארבין אונ זיין דירה איז לעבין דעם מרחץ וויא דער רב האט דאס גיהערט איז ער ארוים גיגאנגין אויף באלייטין. מסתמא האט ער איבער גימאכט אשיינים הספד אונ ער האט דער ציילט פאר יעדין ווער דער שניידער איז. וואס ביז יעצט האט קיינער נישט גיוויסט פון אים. פון דעם קען מען וויסין וויא גרוים עס איז דער כח פון

השובה

תשובה וואָס אונ אַקליינע צײַט האָט ער אַזוי פיל זוכה גיוועזן . זײַן זכות זאָל אינז בײַא שטײַן אָמן סלה :

## נאָך אַ וואונדערליכע מעשה וואָס עס האָט דער צײלט דער הייליגער צדיק ר' אַברהם יעקב זצ"ל פון סאַדיגערי :

דער הייליגער צדיק ר' אברהם יעקב זצ"ל פון סאַדיגערי האָט אַמאָהל גישמועסט וויא מען ברויכט צו טאָהן אַ מצוה מיט מסירות הנפש האָט ער ערצײלט דיזע מעשה :

פאַר צײַטינס בשעת דיא פוילישע מלוכה האָט רעגירט איז דאָך וויסיגלײַך אַז יעדער פריץ אונ זײַן דאָרף אונ אין זײַן שטאָדט איז ער גיוועזן וויא אַקייזער . וואָס ער האָט נעוואָלט האָט ער גיטיען סײַא גיטס סײַא שלעכטס צו שטראָפין אונ צו הרגינין עס האָט אים קיינער נישט פאַר ווערט . איז גיוועזן אַ מעשה אונ אַ דאָרף האָט גיוואָהנט אַ יוד אונ אַקרעטשמע אונ ער האָט נישט גיקענט בעצאהלין דיא ראַטע צום פריץ האָט אים דער פריץ גיוואַרט פיל יאָהרין אונ דער יוד איז גיוואָרין אַגרויסער בע"ח. ווײַל ער האָט נישט געהאַט צו בעצאָהלין דיא ראַטים פון פיעל יאָהרין . אונ אַלאַנגע צײַט אַרום האָט דיא ראַטע אָהן גישטראָפין 400 רו"כ אונ ער האָט נאָך גאָר נישט געהאַט בעצאָלט האָט דער פריץ גיגעבין אַ בעפעהל מען זאָל עם מיט זײַן ווײַב מיט דיא קינדער אײַן זעצין אונ תפיסה . זייא זאָלין דאָרט זיצין אַצײַט אונ מען זאָל זייא נישט געבין נאָר ברוט מיט וואַסער דער נאָך האָט זיך דער אומדערבאַרמיגער פריץ איבער גיקלערט וואָס וועט זײַן דער סוף פון דעם וועט דען מײַן חוב גיצאָהלט ווערין ? האָט ער זיך אײַן עצה גיגעבין אונ האָט געהייסין זײַן גיזעצטין ער זאָל פירין דעם אָרימין יוד גיבינדין אונ קייטין מיט זײַן ווײַב אונ קינדער אונ אַגרויסע שטאָט אַרײַן אונ ער זאָל אַנידער שטעלין דיא גיפאַנגיני אונ דיא ווינקעלעך פון שטאָט אונ זאָל אוים פויקין כדי עס זאָל זיך צינויף קימין מענטשין אונ ער זאָל פאַר זייא לייענין דעם בריף וואָס דער פריץ האָט גישריבין אונ האָט זיך אַליין גיחתמת אַזוי איז דאָרט גיוועזן גישריבין אויב וועלכער פון דיא יודין וועט נישט אוים לייזין דיא נעפאַנגיני פאַר 300 רו"כ נישט ווינציגער וועט מען האַרגינין דעם גיפאַנגינים מיט זײַן ווײַב אונ קינדער האָט דער גיזעצטער גימיזט מקיים זײַן דיא רייד פון דעם פריץ . אונ האָט זייא גיפירט גיבינדין אונ קייטין צו דער גרויסער שטאָדט וואָס איז גיוועזן נעהינטער . אונ ער האָט אַנידער גישטעלט דיא גיפאַנגיני אונ אַלע גאַסין פון שטאָדט אונ האָט גיפאָקט אונ האָט פאָהר גילייענט דעם בריף פון דעם אומדערבאַרמיגען פריץ פאַר פיעל מענטשין אויך דיא גיפאַנגינע מענטשין האָבין גיוויינט אונ האָבין זיך גיבעטין בײַא דיא יודין זייא זאָלין אויף זייא רחמנות האָבין . אונ אוים לייזין זייא פאַר דעם נעלד ווײַל זייא זענין טכיכן גיטייט צו ווערין דאָרך דעם

אומדערבאַרמיגען

אומרעֶרבּאַרמינקֶן פּריץ אָהן רחמנות
דיא אַלעֶ מעֶנטשין פון שטאָט וואָס
האָבין געֶהעֶרט דאָס אַלעֶס האָבין
זיא זיך דעֶרבּאַרימט אויף דעֶר צרה.
נאָר עֶס איז אָבּעֶר נישט גיוועֶן איינעֶר
אונ דעֶר גאַנצעֶר שטאָדט אַפילו פון
דיא נגידים וואָס זאָל קעֶנין געֶבּין דיא
סומטעֶ געֶלד אונ זאָל זייא אוים לייזין
נאָר יעֶדעֶר וואָס האָט געֶהעֶרט האָט
זיך אָבּגיזיפצט פון זיין האַרץ אונ איז
אַוועֶק גיגאַנגין. דיא גיפאַנגינעֶ האָבּין
גיוויינט אונ גיקלאָגט. וואָרין זייא וועֶלין
בודאי גיטייט וועֶרין אונ עֶס האָט
זייא אָבּעֶר קיינעֶר נישט גיעֶנטפעֶרט.
אונ דעֶר שטאָט אונ גיוועֶן אבחור זייעֶר
אַפּטאָסטעֶר. עֶר איז גיוועֶן משרת
ביא אַבעל הבית אַלאַנגעֶ צייט האָט
עֶר צינאַנד גינימין ביסלעֶך וויים ביז
עֶר האָט געֶהאַט 150 רו"כ. וויא דעֶר
משרת האָט געֶהעֶרט פון דעֶר צרה
וואָס איז אויף דיא גיפאַנגנעֶ. אַז
זייא האָבין נישט צו לעֶבּין נאָר היינטיגין
טאָג האבין זיך זיינעֶ רחמנות אויף
זייא דעֶר היצט האָט עֶר ביא זיך
מסכים גיוועֶן עֶר זאל אַוועֶק געֶבּין
וואס עֶר פאַר מאָגט אויף דעֶר מצוה
פון פדיון שבוים נאר ווייל עֶר האט
גיוויסט אַז זיין געֶלד. וועֶט נישט זיין
גינוג. וואָרין דאָס אוים לייזונג טרעֶפט
אָהן דרייא הינדעֶרט רו"כ האָט עֶר
זיך דעֶרמאַנט אַז אונ דעֶר אייניגעֶר
שטאָדט גיפינט זיך אַ בתולה איתומה
איין אָרימעֶ. וואָס זיא דיעֶנט ביא
פרעֶמדעֶ האָט זיא אויך פון דעֶם
גאַנציון שכירות סך הכל 150 רו"כ. אונ
זייא האָבּין זיך איינעֶר דעֶם אַגדעֶרין
גיקעֶנט דעֶריבּעֶר איז עֶר גינאַנגין צו
דעֶר דינסט אונ האָט איהר גיזאָגט
ביא מיר איז גיוואָרין אָב גיפאַסט
איך זאָל אַוועֶק געֶבין מיינעֶ גאַנצעֶ

הינדעֶרט אונ פיפציג רו"כ אויף דעֶר
מצוה מציל צו זיין דיא גיפאַנגעֶני
איז מיין עצה אַז דיא זאָלסט אויך
געֶבין דיין געֶלד אויף דעֶר מצוה
וועֶלין מיר ביידעֶ מקיים זיין דיא מצוה
מיר זעֶנין דאָך אָרים אונ פראָסטעֶ
מעֶנטשין מיר האָבין נישט קיין שום
מצות. יעֶצט אַז השי"ת האָט אינז
צו גישיקט דיא מצוה. גיב איך דיר
איין עצה דיא זאָלסט מיך האָרכין,
וועֶלין מיר ביידעֶ מקיים זיין דיא
טייעֶרעֶ מצוה. ווייל צייט אינזעֶר
לעֶבּין האָבין מיר נית קיין אַנדעֶרי
מצוה מקיים צו זיין. די כשרעֶ בתולה
האָט עֶס געֶהאָרכט אונ זיא איז גיגאַנגין
ברעֶנגין צוא איהם איר געֶלד. אונ עֶר
איז אויך גיגאַנגין ברעֶנגין זיין געֶלד
אונ האָט גינעֶבין צוא דעֶם גיזעֶצטין
דרייא הינדעֶרט רו"כ אונ גאַנצין.
תיכף האָט דעֶר גיזעֶצטעֶר אויף גיבינדין
דיא גיפאַנגינעֶ פון זייעֶרעֶ קייטין.
זעֶנין זייא זיך גיגאַנגין פריילין אונ
האָבין גינעֶבין אַשבח צו השי"ת.
דעֶר בחור וואָס האָט זייא אוים גילייזט
האָט גיזאָגט צוא דעֶר בתולה, מיר
דאַרפין לויבין השי"ת וואָס האָט אונז
צו גישיקט אַזאַי טייעֶרעֶ מצוה, נאָר
ווייל איך האָב דאָך דיר גורם גיוועֶן
דיא זאָלסט בלייבין אהן איין פרוטה
איז דאָך אויף מיר גיוואָרפין איך זאָל
דיר זיכין אַ ריעֶנג אַזוי וויא פון
מיינט וועֶגין. איז מיין עצה אַזוי.
איך האָב אַ פעֶטעֶר אונ דעֶר שטאָדט
נישט וויים פון דאַנין. וועֶלין מיר
ביידעֶ אַהין גיין אונ עֶר וועֶט זעֶהן פון
אינזעֶרט וועֶגין איין איינטראָג אויף
אינזעֶר פרנסה. עֶס איז אַזוי גיוועֶן
זייא זעֶנין ביידעֶ גיגאַנגין צוא פיס מיט
זייעֶרעֶ קליינעֶ חפצים אויף דיא אַקסיל
זייא זאָלין קומין צו דעֶם אָרט וויא
זיין

זײַן פֿעטער האָט געוואוינט. פֿאַר נאַכט זענען זײַא גיקומען און אַ קרעטשמע אַרײַן און זײַא זענען פֿערבליבען זײַא זאָלען דאָרט נעכטיגען:

אַגרויסין צײַכען און אַ פּאָרבאַטיגין איז געוואָרין און הימעל דאָרך דער גרויסער מצוה וואָס דיא פּראָסטע אָרימע לײַט האָבען גיטועֶן מיטין גאַנצין האַרץ. און דעם אײַבערשטינס נאָמען איז דאַמאָלס ווײַער גיגרײַסט געוואָרין און געהײַליגט געוואָרין. דעריבער איז גיזאָגט געוואָרין צום בעש"ט פֿון הימעל ער זאָל תיכף פֿאָרין און דעם דאָרף אַרײַן און זאָל מיט זיך מיט נעמען מלבושים פֿון דעם בחור'ס וועגין. און פֿון דער בתולה'ס וועגין. מען זאָל זײַא בײדע חתונה מאַכין כדת משה וישראל. האָט דער בעש"ט אַזוי־גיטועֶן וויא מען האָט אים באַפֿוילין פֿון הימעל. און האָט מיט זיך מיט גינימען קלײדער פֿון דעם חתן און כלה'ס וועגין. פֿאַר נאַכט איז ער גיקומען צוא דער קרעטשמע. איז דער בעה"ב אַקעגין גיגאַנגען דעם בעש"ט און האָט אים גיבעטין רבי. נעכטיגט דאָ איבער דיא נאַכט. האָט אים דער בעש"ט מסכים גיווען און איז צוא אים אַרײַן גיגאַנגין נעכטיגין. האָט מען דעם בעש"ט אָב גיגעבין אײַן בעזונדער חדר וויא עס געהער אָהן. האָט ער צו זיך אַרײַן גירופֿין דעם בעה"ב און האָט אים גיזאָגט ער זאָל אָנגרײַטין אַ' חתונה סעודה אויף בײַא נאַכט. ווײַל ער האָט אײַן חתן און כלה וואָס ער וועט דאָ דיא נאַכט מאַכין אַחתונה האָט דער בעה"ב תיכף אָנגעהויבין מקיים צו זײַן דעם באַפֿעהל פֿון זײַן רבין דער בעש"ט. און האָט אָנגעהויבין אָנצוגרײטין אַ סעודה פֿון אַמנין'ס וועגין. וויא מען דאַרף מיטין דין אַ מנין צום ווײניגסטין וויא דיא חתן כלה זענין האָט דער בעה"ב נישט גיפֿרעגט נאָר ער איז גיווען פֿאַר טרוד מיט דעם אָנגרײטין:

דער בחור מיט דער בתולה. אויך זײַא זענין גיקומען צו דער קרעטשמע האָבין זײַא זיך אַנידער גיזעצט אָבריען פֿון דעם וועג און ווײַל זײַא זענין גיוועזין גיוואוינט זײַא זאָלין שטענדיג בעדינין זײַערי בעלי בתים. האָבין זײַא דאָ אויך גיוואָלט צו העלפֿין דעם בעה"ב מיט וועלכע זאַך כדי זײַא זאָלין נישט עסין קײַן אומזיסט ברויט עס איז אַזוי גיוועזן. דער בעה"ב וואָס איז גיוועזן פֿאַר טרוד מיט דעם אָהנגרײטין דיא חתונה סעודה וואָס דער בעש"ט האָט עם געהײסין איז גיקומען דער בחור און האָט אים צוגעהאָלפֿין און וועלכע זאַך ער האָט גידאַרפֿט. און דיא בתולה איז אויך אַרײַן גיגאַנגין און קעך אַרײַן און האָט צו געהאָלפֿין באַקין און קאָכין אַלעס. און דרײַא אָדער פֿיר שעה אַרום איז דער בעה"ב אַרײַן גיגאַנגין צו זײַן רבין דער בעש"ט און האָט אים גיזאָגט רבי עס איז שוין פֿאַרטיג דיא סעודה האָט אים דער בעש"ט גיפֿרעגט עס איז עפּיס דאָ פֿרעמדע מענטשין בײַא דיר האָט אים דער בעה"ב גיענטפֿערט עס איז הײַנט צו מיר נישט גיקומען קײַן פֿרעמדע אורחים נאָר אײַן בחור אַמשרת און אײַן בתולה אַ דינסט האָט דער בעש"ט זײַא געהײסין אַרײַן רופֿין און זײַן חדר אַרײַן. זענין זײַא אַרײַן גיגאַנגין און בעש"ט'ס חדר אַרײַן. האָט זײַא דער בעש"ט גיגעבין מלבושים. און האָט גיבאָטין זײַא זאָלין זיך אָנטועֶן און זײַא זאָלין זיך אַזוי

אזוי אנידער זעצין. ווייל עס וועט באלד זיין זייער חתונה. דיא חתן כלה זענין אזוי גיזעסין א שעה אדער צוויא איז אנגיקומין צוא דער קרעטשמע ארעמליכע מענטשין שיינע פרשוינין. זיבין זענין זייא גיוועזין אויף שיינע קאטשין. מיט דעם בעש"ט אונ מיט דעם חתן מיט דעם בעה"ב איז פינקט גיוועזין א מנין דעם בעה"ב איז דאס גיוועזין א פלא. ווער זענין דיא מחותנים אונ ווער זענין דיא חתן כלה וואס דער בעש"ט איז זיך פון זייערט וועגין אזוי מטריח ודיא זיבין מענטשין זענין גיוועזין דיא זיבין אושפיזין דער בעש"ט האט מסדר קידושין גיוועזין וויא עס געהער אך דער חופה האבין זיך דאס גאנצע מנין אנידער גיזעצט צו דער סעודה האבין זייא גיגעסין אונ גיטרינקין מיט פיעל פערגעניגין. נאך דעם עסין איז דאך דער מנהג מען זאל רופין דרשה גישאנק. דער בעה"ב האט דאס אלעס צו גיזעהן אונ האט גישוויגין נאר אונ זיין הארץ איז. דאס גיוועזין א פלא האט זיך איינער פון דיא מחותנים אנגירופין מיט אהויכע שטיממע איך גיב דרשה גישאנק דעם חתן אונ כלה דיא שטאל מיט דיא אקסין פון דעם פריץ גיב איך זייא דרשה גישאנק דעם חתן אונ כלה. האט זיך דער צווייטער אנגירופין מיט איין הויכע שטיממע איך גיב דרשה גישאנק דיא חתן כלה. דיא שקאטילקע מיט דיא פעריל אונ דימאנטין פון דער אלטער פריצה. גיב איך זייא דרשה גישאנק דיא חתן כלה. האט זיך דער בעש"ט אנגירופין מיט אהויכע שטיממע איך גיב דרשה גישאנק צו דיא חתו"כ דיא קרעטשמע גיב איך זיא דרשה גישאנק צו דיא חתן וכלה אונ איין מתנה אויף אונ דערנאך האבין זייא אבגיבענטש

אונ האבין זיך אבגיזעגינט אונ אוועק גיפארין עס איז קיינער נישט גיבליבין נאר דער בעש"ט מיט דיא חתן וכלה. האט דאס בייא זייא אויס גיזעהן ליגינט דאס דרשה גישאנק געבין אונ לעת עתה האבין זייא נאר נישט. ליבער לעזער זעה וויא ווייט דעם אייבערשטינס השגחה אונ זיינע ווינדער צו מענטשין זענין העכער איבער דעם מענטש'ס דעה. דהיינו דער פריץ פון דארף האט געהאט איין איינציגין זין וואס איז אלט גיוועזין צעהן יאהר פערשטייט זיך דאס ער האט אים ליבער געהאט מיין וויא זיך אליין. פלוצלינג איז צוויא טאג פאר דער חתונה פארלוירין גיווארין דאס קינד דער פריץ איז אומגעגאנגין וויא משוגע ער האט גישיקט פיעל שלוחים מען זאל זוכין זיין זוהן. זייא האבין גיזוכט אונ האבין אים נישט גיפינין דער חתן איז אויף גישטאנין אונ דעם צווייטין טאג נאך דער חופה. האט ער גיזאגט צום בעה"ב איך וועל אייך בעטין איין זאך ווייל איך האב א פעטער וואס ער וואהנט נאהנט פון דאנין. גיט זשע מיר אייער וועגעלע וועל איך פארין צו מיין פעטער מאמער וועל איך בייא אים קריגין איין ארט איך זאל קאנין שפייזין מיין ווייב אונ מיך וועל איך תיכף צוריק קיממען. ווייל דער בעה"ב האט גיזעהן אז דער בעש"ט האט זיך פיעל מטריח גיוועזין פון דעם חתנ'ס וועגין. האט ער גיפינין חן אונ זיינע אויגין אונ ער האט אים גיגעבין דס וועגעלע איז דער חתן אליין גיפארין וויא ער איז גיפארין איז גיוועזין אבריק אונ אטאהל וויא ער איז צוא גיקומין צו דער בריק האט ער גיהערט אז פון אינטער דער בריק גייט ארויס איין טרויעריג קול אונ אזיפצונג. איז

ער

זיר דערפין אביסיל דערשראָקין גיוואָרין נאָר ער האָט זיך אָבער גישטאַרקט אונ איז צו גיפאָרין פאַמעליך ער זאָל הערין פון וואַנין דאָס קול איז. האָט ער געהערט אַז דאָס קול גייט אַ פּער פון אינטער דער בריק. אונ עס איז אַקול פון אַקליין יונגיל. איז ער אַראָפּ גיגאַנגין פון זיין וועגילע ער זאָל אַכטינג געבין. האָט ער זיך ארומער גיבויגין אונטער דער בריק האָט ער גיזעהן אַז אַ קאָפּ פון אַקינד שטאַרט אַרויס פון דער זומפּ וואָס איז אינטער דער בריק. אונ עס ושיפּיט נאָך איז ער תיכף צו גילאָפין אונ האָט עס אַרויס גישלעפּט פון דער זומפּ מיט גרוים מיהע דאָס איז גיוועזן דעם פריץ'ס קינד וואָס איז שוין דעם דריטין טאָג פערלוירין האָט ער דערויף רחמנות געהאַט אונ האָט עס אָב גיווישט פון דעם ליים וואָס איז גיוועזן אויף זיינע פיס אונ ער האָט אים אָבגעוואַשין אונ דער וואַרימט מיט זיינע מלבושים וואָס ער האָט אים אָנגעטיען ביז ער איז גיקומין צו זיך. האָט אים דאָס יונגיל גיזאָגט אַז ער איז דער זון פון דעם פריץ פון דעם דאָרף. איך ווייס אַז מיין פאָטער

זוכט מיך זייער. פירט מיך אַהין אונ דעם הויף אַריין פון מיין פאָטער. האָט ער אַזוי גיטיען. איז ער גיפאָרין מיט דעם קינד אונ דעם הויף אַריין וויא ער האָט אים גיוויזין ביז זייא זענין גיקומין אונ דעם הויף אַריין איז דאָרט גיוואָרין אַגרויסע שמחה האָט דאָס קינד גישריגין פאָטער פאָטער ווען נישט דער יוד וואָלט איך נישט גיוועזן גילעבט. ע"כ גיב אים אַגרויסע מתנה ער זאָל האָבין צו גידענקין וויל ער וועט לעבין. אונ אַזוי האָט ער גישריגין צו זיין מיטער. האָט ער זייא אויפגעווירט ביז דער פריץ האָט אים גיגעבין דיא קרעטשמע אויף אייביג. אונ דיא פּרוצה האָט אים גיגעבין דיא שטאַל מיט דיא אָקסין במתנה. אונ דיא אַלטע פּרוצה האָט אים גיגעבין דיא שקאַטילקע מיט דוא פעריל אונ דימאַנטין. איז אונ זייא מקוים גיוואָרין דיא ברכות פון דיא צדיקים דאָרך דער גרויסער מצוה פון פדיון שבוים וואָס זייא האָבין גיטיען מיט מכירת נפש. האָבין דיא פּאָר פאָלק זיך אוים גילעבט דיא יאָרין מיט עשירות:

